**Shaykevitsh, N. M.**
**Di Shpanishe inkvizitsyon: a tragedye in finf akten.**
**Nyu York, 1900.**

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1874.15

**Shaykevitsh, N. M. (Nahum-Me'ir), 1849-1905.**
Di Shpanishe inkvizitsyon: a tragedye in finf akten.
Nyu York : B. Rabinovitts, 1900.
74, [6] p. 20 cm.

1. Inquisition--Spain--Drama. 2. Yiddish drama.--lcsh
I. United States-New York-New York

ID: NXYH00-B5194 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL: /106080

Reduction ratio x 10.0

Cain and Abel



# די שפאַנישע אינקוויזיציאָן

פון נ׳ מ. שייקעוויטש, (שמר)

# SPANISH INQUISITION

by N. M. SCHAIKEWITZ,

NEW YORK.
B. RABINOWITZ,
PUBLISHER.

פרייז 10 סענט.

# דיא שפאנישע אינקוויזיציאן

א טראגעדיע אין פינף אקטען.

— פון —

נ. מ. שייקעוויטש (שמר)

פערלאג פון
ב. ראבינאוויטץ,
398 גרענד סטריט, ניו יארק.

# פארערדע.

דיעזע טראגעדיע האב איך פערפאסט אין'ס יאהר 1884 איך האב זיא ענטנאמען פון מיין אייגענעם ראמאן „חתן דמים," זיא איז צום ערשטען אויפגע־פיהרט געווארען אין ניקאלאיעוו אין'ס יאהר 1885.

נור איין טראגעדיע פון טויזענד קען אזא ריעזען־ערפאלג האבען וויא דיעזע טראגעדיע האט געהאט. זיא האט אנגעריהרט דעם יודענס הערצענס־סטרונע און דער עכא פון דעם יאממער פון דיא טויזענדער יודען וואס זיינען פערברענט געווארען אין דער פערפלוכטער שפאניען מיט הונדערטער יאהר צוריק, האט זיך אין אללע יודישע הערצער אבגערופען זעהענדיג דיא סצענען פון דיעזער טראגעדיע.

זיא איז נאכהער אין דער גאנצער וועל , וואו נור מען האט יודיש טהע־אטער געשפיעלט, אויפגעפיהרט געווארען. און איבעראל האט זיא דעם יודישען פובליקום צו טרערען געבראכט.

אין ניויארק איז זיא אונצעהליגע מאל געשפיעלט געווארען און חאט אונ־בעשרייבליכען בייפאל :עהאט, איך גלויב דאס אויך לעזענדיג דיעזע טראגעדיע וועט דער לעזער דאס גרעסטע פערגניגען האבען.

דיעזע טראגעדיע האט געהייסען „קין" אדער „דער ברודער מערדער" נור דיא היזיגע אקטיערע האבען זיא א נאממען געגעבען „שפאנישע אינקוויזיציאן" חאטש דער ארט פון דער האנדלונג איז פארטוגאל. וייל דיא דראמא איז דעם פובליקום בעקאנט אונטער דעם נאממען שפאנישע אינקוויזיציאן בין איך געצוואונ־גען בייא דעם נאממען צו פערבלייבען.

דער פערפאסער.



# פערזאנען.

פעליקס על-מעדזעע אנ'אלטער פארטוגעזישער גראף.

פולטאן געהיימער יודע זיין לעהרער.

איזאבעללא פולטאנ'ס פרויא.

גבריאל } זייערע קינדער.
אדמאן }

דזאקווינה אדמאנ'ס טאכטער.

ערינה גבריאל'ס טאכטער.

פעדרא דזאקווינא'ס ברויטיגאם.

מענדעס מאנאך.

גראסס-אינקוויזיטאר.

פריסטער, סאלדאטען, פאלק.

# ערשטער אקט.

## ערשטעס ביל ד.

(א רייכער זאאל בייא פעליקס על־מעדזועע.)

פעליקס (גייט ארום הין און צוריק פארטראכט.)

גבריאל (שפיעלט זיך מיט קינדישע שפיעלצייג.)

פעליקס (שטעלט זיך אפ קוקט אויף גבריאל׳ן) געגוג דיר גבריאל אז׳ שפעט צו זיצען, נעה שוין מיין קינד לייג דיך שלאפען.

גבריאל איך וועל מיך באלד לייגען פאפא, וועסטו מיר קויפען מארגען נאך א פערד?

פעליקס יא, איך וועל דיר קויפען.

גבריאל און א קליין עקיפאזשעל וועסטו מיר אויך קויפען?

פעליקס איך וועל דיר קויפען א קליין עקיפאזשעל אויך, (זעצט זיך נעהמט איהם צווישען זיינע קניע, גלעט איהם דאס קעפעלע) זאג מיר מיין קינד וויא הייסט דיין פאטער?

גבריאל (פערוואונדערט) וואס איז א פאטער אויך א פערדיל?

פעליקס (לאכט) ניין מיין קינד, א פאטער איז קיין פערדיל.

גבריאל וואס דען איז א פאטער?

פעליקס. א פאטער איז א פאפא.

גבריאל אזוי? ווייס איך שוין.

פעליקס דוא ווי סט וויא הייסט דיין פאפא?

גבריאל דער לעהרער זאגט, אז דוא ביזט מיין פאפא. און דוא הייסט פעליקס.

פעליקס נוא, און וויא הייסט יענער פאפא?

גבריאל וועלכער?

פעליקס (גיט א קוועטש מיט דיא אקסלען) אבער דיין מאמא ווייסטו וויא זיא הייסט?



גבריאל דיא מאמא וועלכע ניט מיר קאנפעקטען און פיהרט מיך אין שול אריין?

פעליקס (ניינעריג) יא, יא, וויא הייסט דיא מאמא וואס גיט דיר קאנפעקטין און פיהרט דיך אין שול אריין?

גבריאל זיא הייסט מאמא.

פעליקס (אין א זייט) איך וועל פון איהם נאר ניט ערפאהרען — נוא נעה שוין מיין קינד לייג זיך שלאפען, איך וועל דיר מארגען קויפען א פערדיל.

גבריאל (פריילעך, קלייבט אויף זיינע שפיעלצייג) איך נעה פאפא (גיט איהם א קוש אין האנד, לויפט אב.)

פעליקס (אלליין) איך קען דאס נאר ניט פערשטעהן, דער פריסטער פולטאן האט מיר געזאגט, אז ער האט דאס קינד געגנבעט בייא א יודישער פאמיליע, וויא זשע קומט עס, וואס דער קליינער גבריאל ווייסט ניט וואס א פאטער איז, אויך פארשטייא איך ניט, ווארום גיט דער פרומער פריסטער, דער פערפלוכטער יודישער פאמיליע ניט איבער צו דער הייליגער אינקוויזיציאן, נאך דעם קינד׳ס ווערטער פערשטעה איך, אז זייא האבען א יודישע שול, וואו זייא ריכטען אב געווים זייער געבעט צו דעם יודישען גאטט דאס קומט מיר זעהר זאנ־דערבאר פאר, אזא פרומער מאן וויא דער פריסטער פולטאן איז, זאל ביי אזא זאך שווייגען, גיעבט עס דען א גרעסערע מצוה וויא יודיש בלוט צו פארגיסען, הא? מיר שיינט ער קאמט איך מוז מיט איהם וועגען דעם שפרעכען.

---

### צווייטער אויפטריט.

### פעליקס.—פולטאן.

פולטאן גוטען אבענד ליעבער פעליקס (קוקט זיך אום) וואו איז גבריאל, ער שלאפט שוין?

פעליקס ער איז נאר וואס געגאנגען שלאפען (פויזע) הייליגער פאטער איך וויל אייך עטוואס פרעגען.

פולטאן פרעג מיין קינד (זעצט זיך)

פעליקס איהר זייט געוועז אזוי פריינדליך, און האט מיך בעגליקט מיט אזא

מצוה, איך זאָל א יודיש קינד אין אונזער הייליגער רעליגיאָן ערציהען, איך בין אייך איננינסט דאנקבאר דערפאר, איך רעכען זיך גליקליך דאמיט, וואָס איך וועל קענען רעטען איינע זעעלע פון גהינום, איך וועל דעם קליינעם גבריאל'ן אימער א פאטער זיין, איהם אלס איין איינען קינד בעטראכטען, מיך וואונדערט אבער איין זאך.

**פולטאן** זאָג, וואָס וואונדערט דיך?

**פעליקס** דער קליינער גבריאל האט מיר ערצעהלט, אז זיין מוטער פלעגט איהם שטענדיג אין שול פיהרען, אלזאָ מוז זיין פאמיליע באַשטעהן פון פיעלע געהיימע יודען, וועלכע האבען א יודעשע שול, פאר וואָס זשע שווייגט איהר, און מאכט פון זייא ניט א תל? פאר וואָס גיט איהר זייא ניט איבער דער הייליגער אינקוויזיציאָן מען זאָל דיא פערפלוכטע יודען אין פייער ווארפען?

**פולטאן** (טראכט) זאָג מיר ליעבער פעליקס, פאר וואָס רופסטו שטענדיג דיא יודען מיט דעם שענדליכען בייא נאמען, „דיא פערפלוכטע.“

**פעליקס** (פארוואונדערט) וואָס איז דאָס פאר א פראגע, זיינען דען דיא יודען ניט קיין פערפלוכטע מענשען? זיינען זייא ניט דיא ערגסטע מענשען אויף דער וועלט? האָבען זייא ניט אללע דעם טויט פארדיענט?

**פולטאן** ערקלער מיר אבער ליעבער פעליקס, פאר וואָס זיינען זייא דיא ערגסטע מענשען אין דער וועלט, און פאר וואָס האבען זייא אללע דעם דעם טויט פארדינט?

**פעליקס** איך פארשטעה אייך גאָר ניט הייליגער פאטער, ווער ווייסט דאָס ניט, אז דיא יודען זיינען דיא ערגסטע מענשען אין דער וועלט?

**פולטאן** יא, דאָס איז זעהר נאטירליך, אללע ווייסען דאָס אבער יעדער וואַרום מוז האבען א דארום; א מענש טאר ניט נאכגעהן בלינד נאך דעם צווייטען וועהרענד ער קען אליין זעהן דעם וועג, זאָג מיר, ווארום פערהאסט אזוי דיא יודען?

**פעליקס** דערפאר וואָס זייא זיינען יודען, זייא דינען צום יודישען גאָטט.

**פולטאן** (שטרענג) ווער איז דער יודישער גאָטט? איז דען דער יודישער גאָטט ניט דער נעהמליכער וואס דער קריסטליכער?

**פעליקס** (פערשעהמט) יא, דער גאָטט איז דערזעלבער, אבער זייא גלויבען ניט אין קריסטוס, זייא גלויבען נאָר אין משה'ן און היטען זיין תורה.

**פולטאן** נוא, און אז זייא גלויבען אין משה'ן און היטען זיין תורה וואס איז



דאָ פאר א חטא? האט דען משה געשריעבען אין זיין תורה, מען זאָל שלעכטס טאָהן? דוא ווייסט דען ניט אז משה האָט זיין פאלק נאר גוטעס געלערנט, אין זיין תורה האט ער נור גוטע זיטען געשריעבען, אזעלכע זיטען וואָס אויף זייא איז דיא מענשהייט געגרינדעט, פארעהערט דען ניט אויך דיא הייליגע קירכע משה'ס תורה? האט זיך דען אויך דער געטליכער קריסטוס ניט בענוצט מיט משה'ס תורה אין זיין נייעם טעסטאמענט.

**פעליקס** זייא גלויבען דאך אבער ניט אין קריסטוס,

**פולטאן** אין דעם זיינען זייא ניט שולדיג, ווייל זייערע עלטערען האבען זייא געלערענט, זייא זאָלען אויסער משה'ן קיינעם ניט גלויבען, געה נאָר אריין אין זייער לאגע, ווען מען זאלל, צב"ש דיך צווינגען דוא זאָלסט אין דעם מאחמעד גלויבען, אבוואהל דוא ווייסט, אז דער מאחמעד האט זיך אויך נאָר צו גוטען געצילט, וואָלסטו געגלויבט? אָ יאָ דאָס וואָלט דיר אונמעגליך געוועז ווייל דיינע עלטערען האבען דיך געלערנט, דוא זאָלסט אויסער קריסטוס קיינעם ניט גלויבען.

**פעליקס** דאס איז זייער לאָגיש, נוא, וועל איך אייך הייליגער פאטער פרעגען פאר וואָס זיינען דיא יודען אין אמת'ן אזוי פערהאסט, אז מען רעכענט פאר דער גרעסטער מצוה זייא דיא גרעסטע יסורים אנטאהן?

**פולטאן** זעהסטו, דאס איז גאָר איין אנדער פראגע, נאר פאר וואָס האסטו דאָס ביז אהער ניט געפרעגט? דוא האסט געזעהן פאסט יעדען טאָג וויא מען האט דיא אונגליקליכע יודען געברענט דיא גרעסטע שמערצען אנגעטאָהן און אין דיר האט זיך זאָגאר ניט איין פונק מיטלייד ערוועקט אויף דיא עלענדע פערפאָלגטע מענשען, אין געגענטהייל, דוא האָסט גאָר פערגעניגען געהאט צו זעהן וויא זייא מוטשען זיך, איך וויים, אז דוא פלעגסט געהן צו דעם אוטא—דא—פע, וואו מען האט יודען אין פייער געוואָרפען וויא אין טהעאטער, נוא ענטפער ווארום האסטו מיך קיין מאהל געפרעגט פאר וואָס קומט דאס זייא?

**פעליקס** איך וועל אייך זאָגען דיא וואהרהייט, אז איך וויים ניט וואס איך זאָל אייך ענטפערען.

**פולטאן** אזוי וויא דוא ווייסט ניט וואָס צו ענטפערען, אזוי ווייסען ניט אללע פאָרטוגעזען דיא אורזאכע פאר וואס זייא האבען דיא יודען אזוי פיינד.

**פעליקס** איך רעכען אָבער, אז דאָ מוז פאָרט עפעס זיין, דען וויא איז דאָס מעגליך, אז מיליאָנען מענשען זאָלען פיינד האבען איין זאך נאָר

אָה, א אורזאכע? וואו געפינען זיך ניט איינינע פון זייא, זייא זאָלען פארשטעהן, אז זייא טוהען אונרעכט דאמיט וואָס זייא פערפאָלגען דיא אונשולדיגע יודען גאָר זָה אין אורזאכע.

פולמאן איך וועל עס דיר ערקלערען: „דיא געוואָהנהייט איז דיא צווייטע נאטור״ האָבען דיא אלטע פילאָזאָפען געזאָגט, און דאָס איז זעהר ריכטיג, עס מעג דיא שרעקליכסטע זאך זיין, קוים ווערט מען דאמיט געוואָהנט קוקט מען אויף דעם גלייכגילטיג וויא אויף איין נאטירליכע זאך, עס זיינען דאָ צב״ש א זעלכע פעלקער וועלכע עסען מענשען פלייש, און דאָס שמעקט זייא בעססער וויא אללע שפייזען ווען דוא זאָלסט איינעם פון דיא מענשען פרעגען וויא האסטו אזא הארץ צו עסען דאָס פלייש פון אזא מענשען וויא דוא ביזט וועט ער דיך וויא א משוגענעם אנקוקען, ער וועט זיך פערוואונדערן וואס דוא ביסט אזוי נאריש און ווייסט ניט וואס גוט איז, ווייל ער איז שוין דאמיט גע־וואָהנט, קומט דאס בייא איהם אויס גאנץ נאטירליך, דאס זעלבע איז אויך דער האסס געגען דיא יודען, מען איז שוין געוואָהנט צו בעטראכטען דעם אונגליקלי־כען יודען וויא א ווילדעם טהיר, איהם פערפאָלגען, איהם דיא גרעסטע יסורים אנטאָהן, אזוי, אז בייא פאָרטוגעזען איז שוין דאָס אלס נאטירליך אנגענומען גע־וואָרען, און ווען דוא ועסט פרעגען, פאר וואָס קומט דאָס, מען זאָל דעם יודען אזוי פיעל יסורים אָנטאָהן, איז ער דען ניט אזא מענש וויא אללע? וועט מען דיך בעוואונדערן ווארום פערשטעהסט דוא ניט אז מען מוז דעם יודען פערפאָלגען, א צייכען האסטו, אז מיינע רייד זיינען לאָגיש, בעטראכט נאר אין אנדערע לענ־דער וויא צב״ש אין פראנקרייך, דאָרט האָט מען אויך אזוי פערפאָלגט דעם יודע אזוי וויא דאָ, נאָר זייא האָבען זיך ארומגעזעהן אז זייא טוהען אונרעכט האָט מען דעם יודען אויך אלס מענש אָנגעהויבען צו בעטראכטען, און מען האָט איהם דיא זעלבע פרייהייט געגעבען וואָס דיא קריסטען האבען.

פעליקס (נעהמט פולמאַן בייא דער האנד) איך דאנק אייך זעהר היילינער פאטער וואס איהר האט מיר דיא אויגען געעפענט איך וועל שוין פון היינט אָן און ווייטער אויף דיא אונגליקליכע מיט אנדערע בליקען קוקען.

פולמאן איך האָב מיך דאָ פארעדט און האב גאָר פערגעסען, אז איך האב נאָך זייער פיעל צו טהון, אדיע ליעבער פעליקס, מיך פרעהט זעהר וואס מיינע רייד האבען אויף דיר געווירקט נאָטט זאָל געבען, אז אללע אונזערע קריסטען זאָללען זיך ארומזעהן, אז זייא באגעהען זיך ווילד און טיראניש געגען דיא אונגליקליכע יודען.



פעליקס (קושט איהם דיא האנד) צום ווידערזעהן היילינער פאטער (פולמאן אב) יאָ, דער פריסטער פולמאן איז זייער גערעכט מיר באגעהען זיך ווירקליך אונמענשליך געגען דיא אונשולדיגע יודען, א שאנדע עהרענוואָרט! אזוי פיעל מילליאָנען מענשען זאָללען זיין אזוי בלינד, דאס איז איינע אונפערצייה־ליכע זינדע.

---

## דריטער אויפטריט.

### מענדעס.

מענדעס גוטען אבענד הערר על־מעדזעע, גוט וואָס איך האב אייך דאָ אליי געטראָפען, איך האב אייך וויכטיגעס מיטצוטהיילען.

פעליקס (נייגיריג) וואס איז פאר נייעס?

מענדעס איהר געדענקט פעליקס, וויא מיר האבען דיספוטירט וועגען אייער לעהרער דעם פריסטער פולמאן, איהר האָט געזאָגט אז ער איז דער פיינסטער מענש אין דער וועלט.

פעליקס איך זאָג דאָס יעצט אויך.

מענדעס און וואָס וועט זיין ווען איך וועל אייך פערטרויען א געהיימניס אז דער פיינסטער מענש איז א געהיימער יוד.

פעליקס וואס? פולמאן איז א געהיימער יוד?

מענדעס יא, ער איז א געהיימער יודע, איך קען דאָס אייך איבערצייגען.

פעליקס מיט וואָס קענט איהר דאָס מיר איבערצייגען?

מענדעס איך וועל אייך פיהרען צו זיין ווייב און קינד.

פעליקס צו זיין ווייב מיט זיין קינד?

מענדעס איהר וואונדערט זיך, איהר ווילט דאָס גאָר ניט גלויבען, איך האָב דאָס אויך ניט געגלויבט, ביז איך האב זיך אליין ניט איבערצייגט אז דאָס איז ווירקליך אזוי.

פעליקס אבער מיט וואָס קענט איהר עס איבערצייגען.

מענדעס איך זאָג דאָך אייך, אז איך וועל אייך פיהרען צו זיין ווייב און צו זיין קינד, אויב איהר ווילט וועל איך אייך דערציילען וויא אזוי איך האָב דאָס ערפאהרען.

פעליקס דערציילט.

**מענדעס** איך האב געווארפען א חשד אויף פולטאנען שוין זייט 3 מאנאט, דען איין מאל אלס איך בין מיט איהם צוזאמען געזעסען און האב נערעדט, איז פון זיין טאש ארויסנעפאלען א רעוואלווער, מיר איז באלד איינגע־פאלען דער געדאנק אז דאס איז ניט גלאט, ווייל איך וויים, אז פיעלע פון דיא נעהיימע יודען טראגען שטענדיג רעוואלווערען מיט זיך, ערשטענס צוליעב דעם זייא זאלען זיך קענען דאמיט רעטטען ווען מען פאלט זייא איבער, צווייטענס, זייא זאלען זיך קענען אליין ערמארדען ווען זייא האבען קיין מיטעל צו ענטלויפען אום זייא זאלען זיך ניט דארפען מוטשען אין נעפעננניס, און זאלען בעפרייט ווערען פון דיא יסורים וואס מען טהוט זייא דארט אן, פון דער מינוט אן, האב איך אנגעהויבען צו לויערען אויף אלע זיינע טריט, און האב ענדליך בעמערקט, אז ער נעהט אללע נאכט אין דער שמאלער גאס וואס פאר דעם טעמפעל סאן ווינצענטא דע פראאי, און קומט דארט אין א הויז אריין וואו ער בלייבט נעכ־טיגען, איך האב אנגעהויבען פאנאנדער צו פרעגען ווער אין דעם הויז וואהנט, און האב ערפאהרען, אז דא קוואטירט א יונגע פרוי מיט איהר קליינעם זאהן דא האב איך פערשטאנען אז דער פריסטער פולטאן האט נעהיימע געשעפטען מיט דער יונגער ווייביל, איך וועל אייך ערצעהלען אין קורצען, אז איך האב שוין פון דעם הויז ניט אבגעטרעטען, ביז איך האב דורך א שפאלט פון א לאדען געזעהן, וויא פולטאן, איינגעהילט אין א יודישען טלית האט אבגעריכט זיין געבעט, און האב אויך געזעהן, אז דיא פרוי איז זיין ווייב.

**פעליקס** ניין, עס קען ניט זיין, איך גלויב עס ניט.

**מענדעס** אבער וואצו דארפט איהר מיר גלויבען, קומט לאמיר געהן, איך וועל אייך פיהרען גלייך צו איהם א היים, ער מוז שוין געוויס דארט זיין, ווייל יעצט איז שוין שפעט, איהר וויסט נאך וואס איך וועל אייך זאגען, אז נאך מין מיינונג האט ער דעם קליינעם גבריאל'ן צו אייך געבראכט אויף מיט א מיין.

**פעליקס** וואס פאר א מיין?

**מענדעס** דאס קינד מוז זיין פון זיין פאמיליע, האט ער איהם צו אייך גע־בראכט, איהר זאלט איהם ערציהען אלס אייערס איין איינענס אום ער זאל אייך ערבען.

**פעליקס** איך בין נייגיריג צו זעהן אויב אייערע ווערטער זיינען ריכטיג, קומט פיהרט מיך צו דעם הויז.

**מענדעס** קומט וועל איך אייך איבערצייגען, אז איך בין קיין ליגנער. (ביידע אב).



# צווייטעס ביל ד.

---

(בייא פולטאן אין הויז.)

## ערשטער אויפטריט.

---

**איזאבעללא** (אלליין, נעבען א בעטעל, וואו עס שלאפט א קינד.)

.1

שלאף זאנפט מיין ליעבעס קינד
שלאף רוהיג זים און גוט,
זארגלאז ביזטו דאך אצינד
ווייסט נאך נאר פון ליידען ניט
ביזט נאך אין דער וועלט ניט געוועו
גוטע ענגלען שטעהן ארום דיר
ווענסט עלטער ווערען וועסטו דערזעהן
צרות ליידען נאר אהן א שיעור

.2

שלאף זאנפט מיין ליעבעס קינד,
אך בימער פינסטער איז מיר
איך פערליר מיין געזונד
ווען איך גיב א קוק אויף דיר
איך זעה שוין, וואס שפעטער וועט זיין
וויא מען פערגיסט דיין ריינעס בלוט
ניט ווייל דוא ביזט א שלעכטער מאן
נאר דערפאר וואס דוא ביזט א יוד

.3

שלאף זאנפט מיין ליעבעס קינד
שלאף רוהיג זים און גוט
גליקליך ביזטו אצינד

וואס דוא קענסט דיא וועלט ניט.
ווערסט עלטער ווערין ווערסטו געפינען
צרות ליידען אויף יעדען טריט
דיין בלוט וועט איבעראל רינען
נאר דערפאר ווייל דוא ביסט א יוד.

אך גאטט! ביז וויא לאנג נאך ווערסטו אזוי מארטערן דיינע געטרייע קנעכט, וויא לאנג נאך וועלען מיר זיך דארפען שרעקען פאר דעם מינדסטען גערויש, מע' זאגט דאך, אז דוא קענסט קיין אונרעכט ליידען, וויא אזוי זשע קענסטו דאס צו קוקען וויא מען דריקט און מען שטיקט אונז, וויא מען פערגיסט אזוי וויא וואסער אונזער בלוט, עפען דאך אויף גאטט פון אברהם, דיא בלינדע אויגען פון אונזערע שונאים, זייא זאלען זעהן, אז מיר זיינען אויך אזעלכע מענשען וויא זייא (זיפצט און פערטראכט זיך).

---

## צווייטער אויפטריט.

### פולטאן.

**איזאבעללא** (בעמערקט איהם ניט, ער לייגט ארויף זיין האנד אויף איהרע שולטער, זיא שפרינגט אויף.)

**פולטאן** (לאכענד) וואס האסטו דיך אזוי דערשראָקען מיין לעבען?

**איזאבעללא** איך בין געזעסען אזוי פערטראכט, דאס איך האב נאר ניט גע־הערט וויא דוא ביסט אריינגעגאנגען.

**פולטאן** ווענען וואס האסטו זיך אזוי פארטראכט ליעבע איזאבעללא?

**איזאבעללא** איך האב מיך פערטראכט ווענען אונזער פינסטערער לאגע, וואס וועט זיין דיא ענדע פון אזא וויסט לעבען, ווארום זאל איך דארפען מורא האבען צו זאגען אז דוא ביסט מיין מאנן, און דוא זאלסט ציטערען, מען זאל ניט ערפאהרען, אז איך בין דיין ווייב, און וואס וועט זיין דער סוף פון אונזערע קינדער, דיא עלענדע שעפעלאך וועלען אפילו נאר ניט וויסע' ווער זייער פאטער איז.

**פולטאן** דאס איז אבער אזא קראנקהייט, צו וועלכער ס'איז קיין רפואה ניטא דארום מוזען מיר זיא מיט געדולד ערטראגען, דען וואס וועט אונז העלפען דאס זיפצען און קלערען, אונזער גבריאל'ן האב איך אין גוטע הענד



איבערגעגעבען, ער האט שוין איין צערטליכען פאטער, און ווענען אונזער דוד'ן, וועל איך מסתמא אויך באקלעהרען עפעס א מיטעל איהם צו פארזארגען.

**איזאבעללא** וואס טוהט דאס קינד פולטאן, וואס מאכט אונזער גבריאל?

**פולטאן** ער איז גאטט זייא דאנק מונטער, פרעהליך, ער האט דיך שוין אין גאנצען פערגעסען.

**איזאבעללא** וויא אונגליקליך איך בין, אז איך דארף מיך טרייסטען דאמיט וואס מיין קינד האט מיך אין גאנצען פערגעסען, אז מיין ליעבער זאהן וועט ניט וויסען ווער זיין מוטטער איז (וויינענד) א מיין ליעבער איך קען נאר אזעלכע געדאנקען ניט איבערטראגען.

**פולטאן** דוא מחט זייא איבערטראגען, דוא קענסט פערשטעהן, אז מיר איז דאס אויך אזוי שווער וויא דיר, איך וואלט אויך וועלען מיין קינד אויף דיא הענד האלטען, צודריקען איהם צו מיין ברוסט, און זאגען פאר אללע, אז דאס איז מיין קינד, איך וואלט זיך אויך ערקוויקט ווען מיין קינד זאל מיך רופען פאטער, וואס קען מען אבער העלפען, ווייסט דוא דען ניט, אז ניט וויא א מענש וויל, אזוי געהט דאס איהם.

**איזאבעללא** יא, איך מוז זיך שוין מוטה פאססען איך מוז בייא זיך אללעס רעכט מאכען, אבער דער געדאנק אז מיין גבריאל וועט זיך ערציהען בייא א קריסט אויף דיא הענד, און ער וועט אויך א קריסט בלייבען, דער געדאנק וועט מיך שטענדיג אונרוהיג מאכען.

**פולטאן** זייא רוהיג ליעבע איזאבעללא, ווענען דעם וועל איך שוין זארגען דער יונגער גראף פעליקס איז א מענש מיט פערשטאנד, איך האב איהם הייטע אנגעפאנגען דיא אויגען צו עפענען, ער זאל זעהן וויא טיראניש זיינע ברידער בעהאנדלען דיא יודען, און איך האב אויף איהם שטארק געווירקט ער וועט שוין פון היינט אן דאכט מיר מיט אנדערע אוגען קוקען אויף דיא יודען און אויף זייער רעליגיאן, איך האף אז איך וועל מיט דער צייט אויף איהם אזוי פיעל ווירקען, אז איך וועל איהם גאנץ אפען זאגען וואס איך בין, און וועל נאך אויספיהרען, ער זאל אונזער גבריאל'ן אין דער יודישער רעליגיאן ערציהען (פעליקס, מענדעס בעווייזען זיך אין פענסטער.)

**איזאבעללא** ווען דוא זאלסט מיך נאר קענען מיט דער איין זאך בערוהיגען וואלט איך מיט אללעס זיין צופריעדען, אך ווען גאטט זאל נאר רחמנות האבען, און זאל אונז זיינע גנאדע ערצייגען, אזוי וויא א מאהל

מיר זאָללען קענען פרייא פאר דער גאנצער וועלט זאָגען אז מיר זיינען יורען, וויא גליקליך איך וואָלט געווען:

**פולטאן** דאָס מיין לעבען איז א פאלשע האָפפנונג מיר מוזען אונזערע גע־פיהלע, דא אין דעם ציממער ערשטיקען (מענדעס וויזט פעליקסען אויף פולטאָנען און לאכט) דאָ אין דעם פארבארגענעם ציממער געהערען מיר איינס דעם אנדערן, דאָ געהערען מיר צו אונזער גאָטט, (מענדעס, פעליקס פאר־שוואונדען) קוים אבער געהען מיר אין דער גאס ארויס, דאן מוזען מיר גאָר אנדערע געזיכטער וויזען (מען הערט קלאָפען זייא ערשרעקען זיך).

**איזאבעללא** (פאָרברעכט דיא הענד) וועה איז מיר! מיר זיינען פערלאָרען!

**פולטאן** שרעק זיך ניט מיין לעבען, אונז וועט קיין שלעכטס געשעהן.

**איזאבעללא** ווער ווייסט ווער דאָס קלאָפט, ווען מען וועט דיך דאָ געפינען זיינען מיר בײדע אונגליקליך. (מען קלאָפט שטארקער)

**פולטאן** (נעהמט ארויס זיין רעוואָלווער) איך בעט דיך שרעק דיך ניט דער וואָס וועט וואָגען אהער אריינצוקומען וועט שוין פון דאנען לעבענ־דיג ניט ארויס.

**איזאבעללא** (וויינענד, חאפט איהם בייא דער האנד) אָה פארגיס ניט קיין בכוס! מיין טהייערער פולטאָן איך וועל דיר איין אנדער ראטה געבען (מען קלאָפט נאָך שטארקער).

**פולטאן** וואָס פאר א ראטה קענען מיר זיך דאָ געבען?

**איזאבעללא** דוא געה אריין אין צווייטען ציממער, פיליכט איז דאָס גאָר א שכנה אָדער אזוי א פרעמדער מענש, וועל איך זיך בעמי־הען זייא אָבפערטיגען, זייא זאָללען דיך ניט בעמערקען.

**פולטאן** (טראכט) וואס קען דאָס שאדען, איך וועל אזוי טהאָן (אב איזאבעללא עפענט דיא טהיר.)

---

## דריטער אויפטריט.

**פעליקס. — מענדעס.**

**מענדעס** (קוקט זיך ארום) וואו איז ער דאָ אהיננעקומען?

**איזאבעללא** ווער?

**מענדעס** דער נעהיימער יודע, דער שענדליכער פריסטער פולטאן.

**איזאבעללא** וועמען מיינען זייא היילינער פאטער?



**מענדעס** איך מיין דיין געליעבטען, דעם געהיימען יודען פולטאן וועלכער איז דאָ ניט לאנג בייא דיר געוועזען.

**איזאבעללא** דאָ איז קיין געהיימער יודע געוועזען היילינער פאטער.

**מענדעס** דוא וואנסט מיר צו זאגען אזא ליגען, וועהרענד איך און דער הערר האבען געזעהן דורך דעם פענסטער דיין געליעבטען, דעם פריסטער פולטאן. וואו איז ער?

---

## פירטער אויפטריט.

**פולטאן** (קומט אריין שטאָלץ.)

**פולטאן** איך בין דאָ, נאר דוא האסט א טעות מענדעס דאמיט וואָס דוא מיינסט אז דיא פרוי איז מיינע א געליעבטע, ניין, זיא איז מיינע פרוי, און דאָס קינד וואס דא ליגט, איז מיין זאָהן.

**פעליקס** אייער פרוי פולטאן?

**פולטאן** וואס וואונדערסט דוא זיך אזוי עדלער פעליקס, דוא בעטראכסט מיך געוויס פאר א גרויסען פארברעכער, דען דוא ווייסט אז א קאטאָלי־שער מאנאך טאָר ניט הייראטהען, נאר איך האָב געגען מיין רעליגיאָן ניט גע־זינדיגט, נאָר געגען דיינער, פון וועלכער איך האָב קיין מאל געהאלטען.

**פעליקס** איז דאס וואהר אז איהר זיינט א......

**פולטאן** א יוד ווילסטו זאָגען? יא איך בין מיך מודה אז איך בין א יוד דיא פריסטער קליידער וועלכע איך טראָג האבען מיר נור געדינט אלס פאנצער פאר דיא פפיילען פון דער בלוט־גיערינער אינקוויזיציאָן.

**מענדעס** דוא ווייסט אָבער מיט וואָס דוא שמעקסט?

**פולטאן** (לאכענד) דוא ווילסט זאָגען, מיט דעם אאוטא—דע—פע, מען וועט מיך דערפאר פארברענען, נאָר גלויב מיר, אז איך האב קיין מורא פאר קיינעם אויסער פאר מיין גאָטט, דיך בעט איך עדלער פעליקס, דוא זאלסט אויף מיר ניט בייז זיין דערפאר וואס איך האב דיך גענארט, דוא ווייסט דאָך אז יעדער מענש וויל לעבען, וויא איך קען דיין גוט הערץ ווייס איך, אז דוא וועסט מיך צו גוטען אורטהייכלען, וועגען מיר איז מעהר ניטאָ וואָס צו רעדען, איך בין שוין אלץ איינס פערפאלען, מיר בלייבט מעהר ניט איבער, איך זאָלל דיך

בעטען, דוא זאלסט רחמנות האבען אויף מיין עלענדער פרוי און אויף מיינע קינ־דער, אויף דיינע הענד לאז איך איבער מיין עלטערען זאהן גבריאל, און איך האף אז דוא וועסט ניט צו לאזען יעמאנד זאל שלעכטעס טאהן מיין פרוי מיט מיין צווייטען זאהן, (צו מענדעס) און דוא היילינער פאטער, וואס דוא שטרעקסט שטענדינג אויס צו גאטט דיינע אונריינע הענד וואס זיינען אויסגעשמירט אין בלוט פון אונשולדינע מענשען, איך וויים, אז דוא וועסט באלד געהן דערצעהלען דעם גראס־אינקוויזיטאר אז איך בין א יוד, נאר איך זאג דיר פאראוים אז דוא וועסט מיך צו איהם אין דיא הענד ניט איבערגעבען, אויף מיין לעבען האט קיי־נער צו שאפען אויסער גאטט און אויסער מיר, אדיע! (ער שיעסט זיך, פאלט צום באדען.)

**איזאבעלא** (שרייט ווילד) א וועה! מיין מאן מיין ליעבער גוטער מאן (פאלט וויינענד אויף זיין קערפער.)

**מענדעס** איך וועל וועניגסטענס דער פערפלוכטער יודין צו דער אינקוויזיציאן שלעפען (וויל צו לויפען צו איהר.)

**פעליקס** (פארשטעלט דעם וועג, ציהט זיין זעבעל, ניט א געשרייא) שטעה! (בלייבט שטעהן אין דער פאזע מיט דעם זעבעל).

פארהאנג פאלט.

# צווייטער אקט.

## דריטעס בילד.

(בייא גבריאל'ן אין הויז, איין רייכער זאאל אין 35 יאהר ארום.)

### ערשטער אויפטריט.

(גבריאל זיצט נעבען טיש אנגעשפארט דעם קאפף אויף דער רעכטער האנד שטארק בעזארגט, מענדעס זיצט אויך נעבען טיש און קוקט אויף איהם שאקלענד מיט דעם קאפף.)

**מענדעס** געגוג שוין גבריאל צו זיצען אזוי פערזארגט, עס איז א שאנדע וויא קומט צו דיר אזא דומהייט צו זיין פערליעבט, און נאך אין וועמען, אין אדמאנס טאכטער.



**גבריאל** איך וויים היילינער פאטער, איך וויים אז פאר מיר איז א שאנדע איך זאל הייראטהען מיט אדמאנס טאכטער, אבער ווייסט איהר רען נים, אז דיא ליעבע וויל פון קיין רעכנונג וויסען, איך האב מיך שוין גענוג בעמיהעט דזאקווינען פון געדאנק ארויס יאגען, עס איז מיר אבער אונמעגליך, מיין ליעבע צו איהר איז שטארקער פון דעם טויט. איהרע שעהנע בליקען פער־וואונדען וויא שארפע פפיילען מיין ברוסט, גאטט וויים וואס פון מיר וועט ווערען, אויב איך וועל זיא ניט הייראטהען.

**מענדעס** פארגעס אבער ניט, וואס דיך ערווארטעט ווען דוא הייראטעסט זיא, אלע דיינע בעקאנטע וועלען פון דיר ווייכען, ווייל אלע ווייסען אז אדמאן שטאמט פון יודען, זיינע עלטערען ווארען פערפלוכטע יודען.

**גבריאל** איהר אליין האט דאך מיר געזאגט, אז איך וואקס אויך פון יודען.

**מענדעס** אבער קיין מענש וויים דיעזע געהיימניס אויסער איך און דיין וואלטהעטער פעליקס, אלע רעכנען דיך פאר פעליקס א זאהן, דער עדלער פעליקס האט דיר זיין נאמען געגעבען און ער זאגט פאר אלע דאס דוא ביזט זיינער א זאהן, אדמאנען אבער קענען אללע, אללע וויסען אז ער שטאמט פון יודען, שטעל זיך נאר פאר וויא פעליקסען וועט דאס פארדריסען, ווען ער וועט ערפאהרען אז דוא האסט געהייראטהעט א מעדכען פון א יודישער פאמיליע.

**גבריאל** ניין היילינער פאטער, איך וויל אויף קיין זאך קוקען, און פון קיין זאך וויסען, ווען דזאקווינה וועט ניט זיין מיינע האט מיין לעבען קיין ווערטה ניט מיר איין ראטה ליעבער מענדעס וואס איך זאל דא טהאן.

**מענדעס** נוא ווען דוא קענסט אהן איהר ניט לעבען, הייראטהע זיא.

**גבריאל** (מיט א ביטערען שמייכעל) אייך איז גרינג אויסצורײידען נעה הייראטהע זיא וווענדעט זיך דען דאס מעהר ניט וויא אן מיר? עס קען דאך זיין, זיא זאל מיך ניט וועלען.

**מענדעס** (צארניג) וואס הייסט זיא וועט דיך ניט וועלען, אט דיא פערפלוכטע יודין וועט......

**גבריאל** שא! דריקט זיך אזוי ניט אוים וועגען דער הימלישער טאכטער, איידער זאלט זיך ניט וואגען מיר אין דיא אויגען אויף איהר א שלעכט ווארט צו זאגען, שימפפט בעססער מיך, נאר גאטט זאלל אייך היטען זיא מיט זאלכע ביינאממען צו רופען אין מיין געגענווארט.

מ ע נ ד ע ס איך זעה אז דוא ביזט שוין פארקראכען אין אזא בלאטע פון וועלכע דוא וועסט קיין מאל ארויסקריכען, טהו זיך וואס דוא ווילסט און פרעג מיך קיין ראטה איך קען דיר דא גאר נים העלפען.

נ ב ר י א ל איך בעט אייך הייליגער פאטער, איהר זייט דאך אימער מיין לעהרער, געוועז לערענט מיך יעצט אויך, וואס איך זאל טהאן, איך זאל דער געטטין ערגרייכען, איך וועל אייך דאס קיין מאל פארגעסען.

מ ע נ ד ע ס (טראכט עטוואס) זאג מיר נאר, דוא האסט נאך מיט איהר גאר נים גערעט.

נ ב ר י א ל ניין, מיר האט זיך נאך נים געמאכט אזא געלעגענהייט, איך זאל קענען מיט איהר רעדען, נאר איך פארשטעה אז זיא ליעבט מיך נים.

מ ע נ ד ע ס וויא זא פערשטעהסטו דאס?

נ ב ר י א ל זעהר איינפאך איך בעמערק דאס ווען איך געה ארויס און זעץ זיך אויף מיין באלקאן, און זיא זיצט דאמאלס אויף דעם באלקאן פון זייער הויז, וועלכער איז פונקט נעגען מיינעם, לויפט זיא באלד אריין אין שטוב אדער זיא פארדרייט דעם קאפף זיא זאל מיך נים אנקוקען, איך בין שוין געוועזן פיעל מאל אויף איהר זא בייז דערפאר, דאס איך האב זיך בעשלאסען וועגען איהר נים מעהר צו דענקען מיך ציהט אבער דאך נאר צו איהר.

מ ע נ ד ע ס דאס איז נאך קיין בעוויז דאס זיא ליעבט דיך נים מעגליך דאס זיא שענקט דיר קיין אויפמערקזאמקייט ווייל זיא רעכענט גאר נים אז דוא האסט זיא ליעב, מעגליך דאס ווען דוא וועסט איהר נאר ערקלעהרען דאס דוא ווילסט זיא הייראטען, וועט זיא זיין העכסט צופריעדען, דען זיא וועט פארשטעהן אז אזא רייכען מאן וויא דוא ביזט וועט זיא געווים נים געפינען.

נ ב ר י א ל וויא וועט אביער זיין, אז זיא וועט מיר ענטזאגען?

מ ע נ ד ע ס דאן וועל איך געפינען איין מיטעל זיא זאל אונוויללענד שרייען אז זיא וויל דיינע פרויא זיין.

נ ב ר י א ל צב"ש וואס פאר איין מיטעל קענט איהר דאצו געפינען?

מ ע נ ד ע ס איך וועל דיר באלד זאגען (ער טראכט עטוואס) דוא וועסט אזוי מהון (טראכט) דוא ווייסט דאך אז אדמאן שטאמט פון יודען, און וויא איך האב אין איהם בעמערקט ווייזט מיר אויס אז ער איז א געהיימער יודע, ער איז אבער צו קלוג מען ז"ל קענען ריכטיג ערפאהרען דארום מוזט אזוי טהאן. (טראכט וויערער).



נ ב ר י א ל (אנגעדולד) נוא רעדט שוין וואס זאל איך טאהן?

מ ע נ ד ע ס אום צו ערפאהרען דייטליך אז ער איז א יוד, מוזטו אנגרייטען א זיעבענרעהריגען לייכטער מיט זיעבען ליכט.

נ ב ר י א ל נוא וואס זשע וועט זיין אז איך וועל דאס אללעס צוגרייטען?

מ ע נ ד ע ס פערשטעהסטו מיך בייא דיא יודען איז אזוי דער מנהג, (ער טראכט) פרייטאג צו נאכט צינדען זייא אן אין זייערע הייזער ליכט לכבוד שבת איך ווייס פאן א געוויסער קוועלע אז דיא עהיימע יודען האבען יעדער אין זיין הויז א זילבערנעם זיעבענרעהריגען לייכטער אין וועלכען זייא צינדען פרייטאג צו נאכט זיעבען ליכט אן.

נ ב ר י א ל נוא זאל איך אויך ווערען א יוד און אנצינדען זיעבען ליכט לכבוד שבת?

מ ע נ ד ע ס לאז מיך נאר ענדיגען וועסטו שוין פערשטעהן מיין עצה, וואס פאר א טאג האבען מיר היינט פרייטאג, זעהר גוט צינד שוין זיעבען ליכט אן אין א זיעבענרעהריגען לייכטער און זאלסט זיי שטעלען אין אזא ארט אז אדמאן זאל זייא פון זיין באלקאן קענען זעהן, דא וועסטו לייכט קענען ערפאהרען צו ער איז א יוד, דען קוים איז ער א יוד וועט ער דערזעהענדיג דיינע ליכט מיינען אז דוא ביזט אויך א יוד, און וועט געווים זוכען דיין פריינדשאפט ער זאל זיך מיט דיר קענען אויפרעדען און זאל דיר קענען ערצעהלען אז ער איז אזא יוד וויא דוא, און אז דוא וועסט שוין דאס אלעס ריכטיג ערפאהרען וועלען מיר שוין וויסען וואס צו טאהן.

נ ב ר י א ל דאס איז זעהר א קלוגע עצה, איך בין אייך זעהר דאנקבאר פאר איהר, איך וועל אייך פאלגען.

מ ע נ ד ע ס נעה זשע טאקע שוין און צינד אן דיא זיעבען ליכט, און שטעל זייא פונקט נעגען אדמאנס הויז.

נ ב ר י א ל גוט איך נעה שוין. (אב)

---

## צווייטער אויפטריט.

### מ ע נ ד ע ס.

מ ע נ ד ע ס (אליין) איך רעכען אז פון דעם שידוך וועל איך דא שיינע שדכנות געלד נעהמען, איך וועל דא דעם בעסטען חלק חאפען, דען

וען ארמאן וועט גבריאל'ן ענטזאגען, און גבריאל וועט דאָ מאכען דיא פּראָבע מיט דיא ליכט, קען דאָך זעהר זיין, אז עס וועט זיך אויסקאָזען אז אדמאן איז טאקי א יוד דאן וועט זיך פאר מיר עפענען א שמאלץ גרוב, דאן אז איך וועל איהם אין מיינע הענד האלטען וועל איך פון איהם דיא הויט אראָפּשינדען, ווי־ פיעל געלד ער האט וועט בלייבען בייא מיר, דערצו בין איך שוין א מייסטער איך וויים ניט וואס דעם גבריאל'ן איז געוואָרען נאָ דיר פּלוצלונג גאָר א פּערלי־ בעניש, ער פערשטעהט ניט דער נאָר וויא אונגליקליך ער וועט זיין, וועןְ ער וועט חתונה האבען מיט א יונג מיידעל, ער וואָלט פיעל קלינער געווען וועןְ ער זאָלל שוין גאָר קיין חתונה ניט האבען, ער זאל בעסער פארזארגען זיין טאָכטער, וועל־ כע איז פארליעבט איבער דיא אויערען אין פעדראָ פון פעררייראָ, איך קען זיך גאָר קיין עצה ניט געבען, וואָס איך זאָל דאָ טאָהן, איך האב איהר צוגעזאָגט א איך וועל איהר בעהילפּיג זיין, פעדראָ זאָל זיין איהר חתן, מיר דוכט אז זיא נעהט, דאָ וועט זיך אנהייבען א נייע ליעבע אויף מיין קאָפּף.

---

## דריטער אויפטריט.

### מ ע נ ד ע ס.—ע ר י נ ה

**ע ר י נ ה** (לויפט צו ניט איהם א קוש אין האנד) איהר זייט דא היילינער פאטער, אך וויא אונגעדולדיג איך האב אייך ערוואַרטעט, איהר האט מיר געוויס גוטע נייעס געבראכט.

**מ ע נ ד ע ס** וואָס פאר א נייעס האסטו פון מיר ערוואַרטעט?

**ע ר י נ ה** איהר האָט דאָך מיר פערשפּראָכען אז איהר וועט זיך זעהן מיט פעדרא'ן

**מ ע נ ד ע ס** איך האב זיך אָבער מיט איהם ניט געזעהן, דען איך האב קיין צ־יט ניט געהאט.

**ע ר י נ ה** אך היילינער פאטער! וויא איך זעה אינטערעסירט אייך ווייניג פון מיר, ווען איהר וועט צענערען וועט שוין זיין אללעס פערפאלען אויב עס שוין ניט פערפאלען?

**מ ע נ ד ע ס** וואס הייסט פערפאלען?



**ע ר י נ ה** ער וועט דאכט זיך א חתן ווערען פאר א אנדערער, אויב ער איז שוין קיין חתן ניט געוואָרען.

**מ ע נ ד ע ס** (ערשטוינט) פאר ועמען?

**ע ר י נ ה** פאר אונזער שכנס טאָכטער.

**מ ע נ ד ע ס** (נאך מעהר פערוואונדערט) פאר דזאקווינען אדמאנס טאָכטער?

**ע ר י נ ה** יא פאר אדמאנס טאכטער.

**מ ע נ ד ע ס** וויא פאלסטו אויס א זעלבעס צו קלערען.

**ע ר י נ ה** ווייל איך האָב בעמערקט אז זייט אכט טאג, נעהט ער אללע טאג צו אדמאנען, ער זיצט דאָרט אָפּ איינינע שטונדען, הייטע האָב איך גע־ זעהן וויא ער איז געזעסען מיט דזאקווינען אין פענסטער זייא האבען זאָ פריינד־ ליך גערעדט און אזוי ליבליך געקוקט איינער אויף דעם צווייטען אז איך האב געמיינט אז דער רוח נעהמט מיך צו.

**מ ע נ ד ע ס** (טראכט עטוואס) גוט! נוא ערינה עס איז דאָ א האָפנונג פעדראָ זאל בלייבען דיינער.

**ע ר י נ ה** (ערגרייפט זיין האנד און זאָגט מיט פייער) היילינער פאטער, איהר וועט זיך קויפען איינע עווינ דאנקבאָרע פריינדין. (לויפט ארויס)

---

## פירטער אויפטריט.

### מ ע נ ד ע ס.

**מ ע נ ד ע ס** (אַליין) א שעהנע געשיכטע עהרענוואָרט! דער פאטער ליעבט א מערכען, און דיא טאָכטער ליעבט דעם מערכען'ס ברויטיגאם, נור אויב עס איז ווירקליך אזוי, אויב פעדראָ איז דזאקווינעס חתן וועל איך דורך דעם מיטעל וואָס גבריאל וועט טאָהן אויספיהרען דעם שידוך צווישען ערינהען און פעדראָ'ן, דען ווען אדמאן איז א יוד איז דאָך געוויס פעדראָ אויף א יוד, נוא, נוא, עס וועט שוין זיין רעכט, עס וועט שוין געהן וויא געשמירט.

---

# פירטעס ביל

## 1טער אויפטריט.

(בייא אדמאנען אין הויז, איין רייך מעבלירטע זאַל, א טיש רייך געדעקט, אויף איהם שטעהט א זיעבענרעהריגער לייכטער, איזאבעללא צינט דיא ליכט אָן.)

**איזאבעללא** (זינגט)

1.

בעשטראהל אונז גאָטט מיט דיין געזיכט
בעלייכט אונז מיט דיין פראכט
אזוי וויא דיא זיעבען העלע ליכט
ערלייכטען דיא פינסטערע נאכט
שיק אויף אונז דיין הילף געשווינד
בעפרייע אונז פון זאָרג און קלאָג
אזוי וויא דיא ליכט וואס לייכטען אצינד
לכבוד שבת דיין הייליגען טאָג.

2.

שיק דיין הילף, אָ גרויסער גאָטט
אויף דיינע ליעבע קינדער
פון זייער גלות, פון זייער נאָטה
רעטע זייא געשווינדער
אָ רעטע זייא, פאָטער געטרייער
זייערע נשמות זיינען שוין פערשמאכט
בעלייכט מיט דיין הייליגען פייער
זייער לאַנגע גלות נאכט.

## צווייטער אויפטריט.

(איזאבעללא — פעדרא — דזאקווינה קומען אריין געאריסט.)

**דזאקווינה** דוא האסט שוין געבענטשט ליכט באָבוניו?

**איזאבעללא** יאָ מיין קינד איך האב שוין געבענשט ליכט, גאָטט זאָלל מיך מזכה זיין איך זאָל דיך בענשען צו דיין מזלדיגער התונה.



**פעדרא** איהר וועט נאָך דערלעבען צו בענטשען אור-איינקלאָך צו זייערע חתונות.

**איזאבעללא** אָה ניין מיין קינד! פאר מיר איז גענוג אז איך האב דערלעבט צו זעהן מיין דיאָדעס טאָכטער אלס כלה פאר אזא טהייערען חתן וויא דוא ביסט ליעבער פעדראָ, קיין גרעסערען גליק האָב איך קיינמאָל ניט פערלאַנגט, איך האָב זיך ניט גערינכט אז נאָך אזא אונגליק וואָס איך האב גע־האט זאָל איך אזוי לאַנג לעבען, ווען מיין ליעבער מאַן האָט זיך געשאָסען פאר מיינע אויגען, האָב איך געמיינט אז מיין וועלט איז אויף עווינ פערפינסטערט געוואָרען, מיך האט דאמאלס מיט מיין דיאדען ערוואָרטעט א שרעקליכער טויט פערברענט צו ווערן פאר אונזער רעליגיאָן נאָר דער גרויסער יודעשער גאָטט האָט מיך מיט זיין כשרה האנד גערעטעט, טאקע נאָר דורך הויכע נסים.

**דזאקווינה** איך האב שוין געהערט דיא געשיכטע וויא מיין אונגליקליכער גראָסספאטער האָט זיך ערשאָססען וויל איין פריסטער האט ערפאהרען אז ער איז א יוד און האט איהם געוואָלט דעם געריכט איבערגעבען נור וויא אזוי איהר מיט מיין פאטער זיינט גערעטעט געוואָרען ווייס איך ניט.

**איזאבעללא** איך זאָג דאָך דיר אז מיר זיינען גערעטעט געוואָרען גור דורך הויכע נסים, דען דאמאלס צוזאמען מיט דעם פערפלוכטען פריסטער איז געוועזן דער מענש וועלכען דער גראָסספאטער האט מיין עלטערען זאָהן איבער געגעבען, דער מענש האָט אויף מיר רחמנות געהאט, און האט ניט געלאָזען דער פריסטער זאָל מיר עפעס שלעכטעס טאָהן, ער האט נאָך אין דער עלבער נאכט מיך מיט דיין פאטער וועלכער וואר דאמאלס א קינד פון 8 יאהר אין זיין עקיפּאַזש אריין געזעצט און האָט אונז פון ליסאבאָן ארויס געשיקט, ער האט מיר אויך געלד געגעבען, איך זאָל האבען מיט וואָס זיך מיט מיין קינד צו ערנעהרען, און ער האט מיר פערשפּראָכען אז ער וועט מיין עלטערען זאָהן וויא זיינס איין איינגען קינד ערציהען, גאָטט זאָל איהם נור פאר זיין גוט הארץ בע־לאָהנען אויב ער לעבט נאָך.

**פעדרא** דאס איז טאקע א וואונדער א קריסט זאָל אזוי פיעל טובות טאָהן, מיט געהיימע יודען, וויא הייסט ער דער גוטער מענש?

**איזאבעללא** זיין נאמען ווייס איך ניט, דען מיין גאָטטזעליגער מאַן האט מיר ניט געוואָלט זאָגען ווער ער איז מיר זאָל זיך ניט גלוס־טען געהן געוואָר ווערען צום קינד.

**פעדרא** נוא און איהר ווייסט נאָר נים. וואס עס איז געוואָרען פון אייער על־טערען זאָהן.

**איזאבעללא** (זיפצענד) ניין איך וויים נאָר נים, וואָס עס איז געווארען, עס קען זיין אז ער איז געשטאָרבען, נאר דאס וואָלט מיר שוין אזוי נים געארט וויא א אנדער זאך.

**פעדראָ** וואָס מיינט איהר?

**איזאבעללא** איך האב מורא צו איז ער היינט נים איינער פון אונזערע גרעסטע פיינדע און פערפאָלגער, וויל ער האט זיך בייא א קריסט ערצויגען.

**פעדראָ** דאס איז ווירקליך א שרעקליכער געדאנק, נאָר וואָצו זאָלט איהר אזעלכעס קלערען ליעבע מוטער.

---

## דריטער אויפטריט.

(פאָרינע—אדמאן.)

**אדמאן** (אריין געהענד) דאָס איז מעקווירדיג.

**דזאקווינה** וואס איז פאטער?

**איזאבעללא** וואס איז מיין זאָהן?

**אדמאן** איהר וועט דאָס נאָר נים גלויבען בייא אונזער שכן גבריאל על—מעדזעע אין הויז ברענען 7 ליכט אין א זיעבענרעהריגען לייכטער.

**אללע** (רשטוינט) בייא גבריאל'ן אין הויז!?

**אדמאן** יא דורך דעם פענסטער זעהט מען ארויס דעם לייכטער מיט דיא זיעבען ליכט.

**פעדראָ** בייא גבריאל על—מעדזעע זיעבען ליכט פרייטאג צו נאכט? דאס איז ווירקליך מערקווירדיג.

**איזאבעללא** מיר גלויבט זיך דאס נאָר נים.

**אדמאן** גיה ארויס אויף דעם באלקאָן וועסטו זייא אויך זעהן, איך פערשטעה נאָר נים וואָס דאס בעדייטעט, איך וואָהן שוין נעגען איהם 10 יאהר און האב נאָך קיינמאָל אזא סצענע נים בעמערקט, זאל איך גלויבען אז דער מענש איז א געהיימער יוד?



**איזאבעללא** עס קען זעהר זיין אז ער איז א געהיימער יוד, און דאס וואס מיר האבען קיינמאל זיינע ליכט נים בעמערקט איז נאָר קיין וואונדער נים, דען ווער ווייסט נאָך אזוי וויא מיר וויא בעהיטזאם, וויא פארזיכ־טיג אונזערע געהיימע יודען דארפען זיין מיט אזעלכע זאכען.

**אדמאן** פאר וואָס זשע איז ער היינט נים פארזיכטיג?

**איזאבעללא** עס קען זיין אז מען האט. היינט אויף זיינע פענסטער נייע גארדינען אויף געהאנגען, דורך וועלכע דיא ליכט שיינען ארויס און דער גבריאל וויים געבאך גאָר נים אז ער קען דאדורך אין גרעסטען אונ־גליק שטירצען.

**פעדרא** איך האב מורא צו איז דאס אָפט נים קיין נעטץ טאסע פאר אונז.

**אדמאן** וואס הייסט א נעטץ? וויא קומט גבריאל וועלכער קען מיך גאָר נים און מיט וועלכען איך האב קיינמאל קיין צווייא ווערטער נים איבערגערעדט זאל ער אויסשפרייטען פאר מיר א נעטץ, ניין דיא מוטטער איז גערעכט, דער גבריאל איז געווים א געהיימער יוד, און וויל עס איז אויפגעהאנגען נייע גארדינען אויף זיינע פענסטער דארום זעהט מען דיא ליכט ארויס, ער איז אין א גרוים געפאהר און מען מוז איהם רעטען.

**איזאבעללא** יא בייא מיר איז אויך קיין צווייפעל נים אז ער איז א יוד איך האב דעם מענשען שטענדיג ליעב, חאָטשי איך האב מיט איהם קיינמאל נים גערעדט, ער איז עהנליך צו דיין גאָטטזעליגען פאטער...... אבער ווייסט א הר וויא עהנליך וויא 2 טראָפען וואססער מען מוז איהם זעהן פערהיטען פון אונגליק.

**פעדרא** וויא אזוי מיינט איהר דאס פערהיטען איהם פון אונגליק.

**אדמאן** איך וועל שיקען צו איהם א מענשען אנזאָגען דאס ער זאל דיא ליכט פון פענסטער געשווינד צו נעהמען, דא וועלען מיר ערפאהרען ריכטיג צו ער איז א יוד, דען קוים איז ער א געהיימער יוד וועט ער באלד דיא ליכט פארלעשען, און וועט קומען צו מיר בעטען איך זאל זיין געהיימנים נים ענדעקען דען דער וואהרער יוד ציטערט פאר דעם מינדסטען חשד, ווען ער איז אָבער נים קיין יוד וועט ער זיך נאָר אויסלאכען, פון מיין ווארנונג, און וועט זאָגאָר דיא ליכט נים פארלעשען.

**איזאבעללא** יא, יא, דאס איז זעהר קלוג בערעכענט.

**דזאקווינה** און איך זאָג דיר ליעבער פאטער דוא זאָלסט זיך אין דעם

נאַר ניט אינטערעסירען, איך האלט מיט פעדראן, ווער ווייסט צו דאס איז ניט קיין נעמץ פאר אונז.

**אדמאן** דוא ביסט אויך ניט מעהר וויא א קינד האָב קיין מורא ניט מסתמא פערשטעה איך בעסער (צו איזאבעלען) דוא ליעבע מוטטער וועסטו אזוי גוט זיין אריין שיקען צו איהם אנטאָגען, ער זאָל איהם זאָגען אין מיין נאמען ער זאָל דיא ליכט פארלעשען און איך וועל אריין געהן אין אונזער געהיימען טעמפעל מקבל שבת זיין און היים אנטאנען ער זאָל דאָ דיא ליכט צו נעהמען דען גבריאל קען אונערווארטעט קוממען זאָל ער דאָ דיא ליכט ניט זעהן.

**איזאבעללא** נעה מיין זאהן, איך וועל שוין דאָס פערזאָרגען (אדמאן מיט איזאבעלען אב.)

---

## פיערטער אויפטרט.

### פעדרא—דזאקווינה.

**פעדרא** דוא וועסט גלויבען מיין לעבען אז איך בין שטארק אונרוהיג פון דער געשיכטע וואָס דיין פאטער טהוט זעהר אונבעזאָגען, דאמיט וואָס ער שיקט גבריאל'ן אנזאָגען ער זאָל דיא ליכט פערלעשען.

**דזאקווינה** וואס זשע ביזטו אזוי אונרוהיג

**פעדראָ** ווער ווייסט וואָס גבריאל מיינט מיט דיא ליכט, איך ציטער פיעלייכט האט ער דערבייא איין שלעכטען מיין דען דער גבריאל איז באַקאנט אין גאנץ ליסאבאן פאר א ניעדערטרעכטיגען מענשען ער האט שוין פיעל מענשען אונגליקליך געמאכט.

**דזאקווינה** דוא זעהסט דאָך אבער אז דער פאטער האט גאָר קיין מורא ניט, מסתמא איז דא ניטאָ פאר וואס מורא צו האבען.

**פעדרא** דיין פאטער ווייסטו דאָך אבער איז אזא מענש וואָס קען וועגען דעם צווייטען קיין שלעכטס ניט דענקען איהם גלויבט זיך נאָר ניט אז אזא מענש וויא גבריאל איז מיט וועלכען ער האָט קיינמאָל ניט גערעדט זאָל וועלען איהם שלעכטס טאָהן יא! ער וויים גאָר ניט וואס פאר א ניפטיגע מענשען עס זיינען דאָ אויף דער וועלט, עס זיינען דאָ אזעלכע וועלכע האבען פער־גניגען צו זעהן וויא דעם צווייטענ'ס בלוט גיסט זיך, און געפינען דעם גרעסטען תענוג אין יענעמס שמערצען.



**דזאקווינה** קלער ניט איך בעט דיך אזעלכע זאכען, אונז וועט דא קיין שלעכטס ניט געשעהן.

**פעדראָ** (געהט הין און צוריק איבער דעם צימער, שטעלט זיך פלוצלונג אָפּ נעבען דזאקווינה'ן) וואס וואָלט געווען דזאקווינה ווען......

**דזאקווינה** וואס ווילסטו זאָגען (א בעדינטער קומט אריין און נעהמט דיא ליכט צו.)

**פעדרא** איך וויל זאָגען וואָס וואָלט געווען ווען בעה'טע נאָטט מיר וואָלטען אריינגעפאלען צו אונזערע פערפאָלגער אין דיא הענד.

**דזאקווינה** וואס איז דאס פאר א פראגע, וויא קומסטו צו דעם שרעקלי־כען געדאנק?

**פעדראָ** איך פרעג גלאט אזוי, ווייל מיר געהיימע יודען זיינען שטענדיג אונ־טערוואָרפען דער געפאהר פארשטריקט צו ווערען אין דער נעטץ פון אונזערע פיינד וועלכע זוכען אונזער טויט.

**דזאקווינה** נוא וואס זשע ווילסטו מיט דיין פראגע.

**פעדראָ** איך פרעג וויא פיהלסטו זיך, דוא וואָלסט בייאגעשטאנען דעם סיון און וואלסט געאָפפערט דיין לעבען פאר דיין רעליגיאן?

**דזאקווינע** און דוא צווייפעלסט נאך צו איך וואלט בייא עשטאנען דעם נסיון, ווייסטו ניט אז פאר אונזער הייליגער אמונה בין איך יעדער מינוט פערטיג צו שטערבען, וויים איך דען ניט, אז דיא שולדיגקייט פון יעדען יודען איז ער זאָל זיין גרייט אלעס איבערצוטראָגען פאר זיין פאָלק און פאר זיין גלויבען.

**פעדראָ** מיך פרייט זייער צו הערען אזעלכע ווערטער פון דיר, איך פיהל מיך אויך פאלקאממען פעהיג דיא שולדיגקייט הייליג אויסצופיהרען, איך וויים אז ווען בעהיטע גאָטט מיר זאָל אויסקומען צו שטארבען פאר מיין הייליגער אמונה וואָלט איך מיט דעם גרעסטען שטאָלץ געגען דעם טויט געגאנגען, איך בעט מעהר ניט בייא גאָטט אז ווען מיר וועט זיין באשערט צו שטאָרבען אויף אזא ארט, זאָל איך דיך נאָך מיר ניט נאך שלעפען, אליין וועט מיר קיין שום זאך ניט צו שווער זיין צו ליידען, נאָר דיך וויל איך ניט זעהן אין אזא שרעק־ליכער לאגע.

**דזאקווינה** וואָס איז דאס פאר ווערטער פעדראָ וואס האסטו זיך אזעלכע שרעקליכע געדאנקען אין קאָפּף אריינגענומען, דוא מאכסט מיר שרעקליך אונרוהיג.

פעדרא (שמייכלענד) נוא איך וועל שוין מעהר אזעלכע ווערטער נים ריידען.

דזאקווינה אבער ערקלער מיר ווארום זיינען דיר גראדע יעצט אזעלכע געדאנקען אין קאפף אריין געפאלען.

פעדרא איך האב שוין עטליכע מאל געוואלט וועגען דעם מיט דיר ריידען, ווייל איך האב געוואלט וויסען צו פיהלסטו זיך מוטהיג פאר דיין רעליגיאן צו שטארבען.

דזאקווינה זייא זיכער אז איך האב גענוג מוטה און גענוג קראפט דיא גרעסטע יסורים איבער צו טראגען פאר אונזער הייליגער אמונה.

(ביידע זינגען) מיך שרעקען נים דיא פלאמען פייער
וועלכע ברענען נאר פאר מיר
מיין אמונה איז בייא מיר טהייער
אפפער, וועל איך מיך פאר דיר
ווען איך זינקע אין דער העלע
און מיין קערפער רויבט דער טאדט
ועט אין הימעל זיין מיין זעעלע
בייא איהר פאטער בייא איהר גאטט.

---

## 5טער אויפטריט.

### פארינע — גבריאל.

גבריאל (ער קומט אריין אין מיטען געזאנג.)

פעדרא—דזאקווינה (בעמערקען איהם נים און זינגען ווייטער:)
אין דיר מיין אמונה הייגגט מיין לעבען
אין דיר איז פארקניפט מיין נחמה
פאר דיר וועל איך אללעס אפגעבען
דוא ביזט דיא זעעלע פון מיין נשמה
פון אללע שעטצע ביזטו בייא מיר טהייער
קיינער וועט מיך פון דיר שיידען
פאר דיר לויף איך אין פייער
דוא פערזיסט מיינע גרעסטע ליידען.

גבריאל פערצייהעט ליעבער פריינד (בייא דיא ווערטער ווענדען זיך פעדרא



מיט דזאקווינה'ן ערשראקען אום) וואס איך שטער אייך, קאן איך האבען דיא עהרע צו רעדען מיט דעם העררן דיאדע אדמאן.

פעדרא דער העדר אדמאן וועט באלד אריינקומען.

דזאקווינה קאם ליעבער פעדרא מיר ווען ארייגשיקען דעם פא ער (ביידע געהען אב.)

גבריאל (אליין) וואס איז דאס? וואס האב דא געזעהען? דיא שעהנע דזאקווינה וועלכע איך האב פערגעטערט איז געשטאנען מיט א יונגען מענשען נעארימט, און וויא איך פערשטעה האט זיא מיט איהם זעהר א גוט לעבען, וואס זאל דאס בעדייטען, זיא זאל זיין זיינע א כלה, אדער איינפאך א געליעבט? נאר ניין עס קען ניט זיין, עס קען ניט זיין זיא זאל זיין א געליעבטע דזאקווינה איז ניט פעהיג צו אזעלכע נידריגע זאכען, זיא מוז זיין זיינע א כלה, אונד איך מוז זיא פון זיינע הענד ארויס רייסען, וויא איך זעה וועט מענדעס'ס פלאן זעהר געלינגען, יא בייא מיר איז יעצט קיין צווייפעל ניט אז ער איז א יוד דען ווען ער זאל זיין א קריסט וואלט ער מיר ניט געשיקט אנזאגען איך זאל זיך היטען, פערקעהרט ער וואלט זיך בעמיהעט מיך אונגליקליך צו מאכען, וויא דיא שולדיגקייט איז פון א קריסט-געגען א יודען, איך וועל שוין פון דאנען ניט אוועק געהן ביז ער וועט מיר ריכטיג ווייזען אז ער איז א יוד, דאן וועל איך איהם האבען אין דיא הענד און וועל מיין ציעל גליקליך עררייכען.

---

## 6טער אויפטריט.

### גבריאל—איזאבעללא.

גבריא (פערנייגט זיך טיעף.)

איזאבעללא ווילקאמען העדר על-מעדזועע, זיצט, באלד וועט מיין זאהן אריין געהן (זיא זעצט זיך נעגען איהם)

גבריאל (זיך זעצ ) דער העדר אדמאן איז אייער זאהן?

איזאבעללא יא ער איז כ י זאהן, זייא קומען מיר זעהר קענטליך פאר העדר על - מעדזועע.

גבריאל דאס איז קיין וואונדער ניט, ווייל זיא זעהען מיך זעהר אפט, דען איך וואהן נעגען אייער הויז.

איזאבעללא עס קען זיין (אין א זייט) ער איז פונקט עהנליך צו מיין

נאַטט זעלינען מאַן (צו גבריאלן) מיר איז א וואונדער וואס מיר האבען דאָס גליק ניט נעהאט אייך ביז אהער אין אונזער הויז צו זעהן.

ג ב ר י א ל עס האט זיך אלץ דיא געלעגענהייט ניט געמאכט איך זאָל קענען בייא אייך זיין, אבוואָהל, איך האב זיך שוין לאנג געוואָלט פאָרשטעלען פאר אייער זאָהן און פאר זיין פאמיליע.

א י ז א ב ע ל ל א דאס וואָלט אונז זעהר אנגענעהם געוועזן, איך האָף אז איהר וועט שוין זיין בייא אונז א אָפטער גאסט.

ג ב ר י א ל איך דאנק אייך זעהר פאר אייער פריינדשאפט, זאגט מיר מאדאם ווער איז דער יונגער הערר וועלכער איז דאָ געזעסען מיט אייער איינקעל, ער קומט מיר זעהר סענטליך פאר.

א י ז א ב ע ל ל א דאס איז טאקע איהר חתן פעדראָ פון פעריירא.

ג ב ר י א ל איהר חתן?

---

## 7טער אויפטרט.

### פ אָ ר י נ ע — א ד מ א ן (גבריאל שטעהט אויף געגען איהם.)

א ד מ א ן פערצייעהט מיר פריינד וואס איך האב אייך אזוי לאנג געלאזט ווארטען יעצט האב איך שוין צייט מיט אייך צו ריידען.

ג ב ר י א ל (קוקט אויף איזאבעללא׳ן) איך האב מיט אייך וויכטיגעס צו שפרעכען הערר אדמאן.

א י ז א ב ע ל ל א איך וועל אייך דאָ ניט שטערען קינדערליך, רעדט אייך וואָס איהר דארפט, אדיע הערר על־מעד עע צום ווידערזעהן. (אב)

א ד מ א ן אצינד קענט איהר פרייא רעדען, מיט וואס קען איך אייך דיענען?

ג ב ר י א ל איך פערלאנג עדלער הערר פון אייך א זאך וואָס אין דעם הייננט מיין לעבען.

א ד מ א ן זאָגט אין וואָס בעשטעהט אייער פערלאנג.

ג ב ר י א ל מעג איך דאָ פרייא רעדען ( קוקט זיך אום אין אללע זייטען) האַבען אייערע ווענט קיין אויערן ניט.

א ד מ א ן שרעקט זיך ניט פריינד, קיינער אויסער מיר וועט דאָ ניט הערען אייערע רייד.



ג ב ר י א ל איהר מוזט מיר פערצייהען ווען איך וועל אייך בעטען אז דאָס וואס איהר וועט פון מיר הערען זאָלט איהר קיינעם ניט איבערגעבען, רע ווען יעמאנד וועט בעהיטע נאָטט מיין געהיימניס הערען בין איך אונגליקליך.

א ד מ א ן איך פערשטעה ניט אז ווען אייער געהיימניס איז אזוי געפעהרליך, פאר וואָס זאָלט איהר עס מיר דערצעהלען.

ג ב ר י א ל ווייל איך פערשפּאָר אייך דערצעהלען מיין געהיימניס איז אייך שוין בעוואוסט.

א ד מ א ן נוא ווען איך וויס, דארפט איהר דאָך טאקע מיר ניט ענדעקען.

ג ב ר י א ל עדלער הערר, יא איך וויס איך דארף אייך שוין ניט ענדעקען, איהר וויסט שוין אלעס, דארום בעט איך אייך איהר זאָלט מיך ניט ארויסגעבען.

א ד מ א ן אלזאָ ערקענט איהר אז איהר זיינט א געהיימער יוד.

ג ב ר י א ל יא פריינד! איך ערקען אז דיא קריסטליכע רעליגיאָן איז בייא מיר נאר א מאסקע אום צו פערדעקען דיא יודישע אָהן! האָט מיטלייד מיט מיר און גיט מיך ניט אויס.

א ד מ א ן וויא אזוי האט איהר דאָס קיין מורא ניט אזוי אָפפען צו ענטדעקען אזא שרעקליכע געהיימניס.

ג ב ר י א ל אייער גוט הערץ האט מיר געגעבען מוטה איך זאל מיט אייך אָפפען רעדען, איהר האט מיר געוויעזען אז דאָס לעבען פון א מענשען איז בייא אייך טייערער פון אייער רעליגיאָן, דען וויא איהר האט דערזעהן דיא ליכט וואס איך האב אנגעצונדען לכבוד שבת האט איהר מיר געשיקט זאָגען און האָט מיך ניט איבערגעגעבען דער געריכט, נוא קען איך שוין נאָך אזא חסד וואס איהר האט מיט מיר געטאָהן מורא האבען פאר אייך?

א ד מ א ן (שמייכלענד) איהר האָט אָבער א טעות מיין פריינד, דאמיט וואָס איהר זאָגט אז דאס לעבען פון א מענשען איז בייא מיר טהייערער פון מיין רעליגיאָן, ניין מיין הערר מיין רעליגיאָן איז בייא מיר טהייערער פון מיין איינענעם לעבען.

ג ב ר י א ל (ערשראָקען אין א זייט) ער איז א קריסט (צו אדמאנען) הא! מאכט מיר ניט אונגליקליך, האָט מיטלייד, האט רחמנות!

א ד מ א ן (ניט גבריאל׳ן דיא האנד לאבענד) שרעקט זיך ניט מיין פריינד מיר זיינען ברידער, קינדער פון איין רעליגיאָן, וועלכע איז בייא טהייערער פון מיין לעבען, און איך בין יעדע מינוט פערטיג אבצוגעבען מיין נשמה פאר איהר.

גבריאל זאָל איך גלויבען דאָס איהר זייט אויך א יוד?

אדמאן יא איך בין א יוד, בייא מיר דיענט אויך דיא קריסטליכע אמונה נאר אלס מאסקע צו פערדעקען דער יודישער, אזוי וואויל איז צו אייך ליעבער פריינד וואָס איהר דיענט צו דעם יודישען גרויסען גאָטט (ער פאלט איהם אויף'ן האלז און קושט איהם).

גבריאל אזא גליק האב איך גאָר ניט ערוואַרטעט (ער קושט אדמאנען) יעצט בין איך פאָלקאָממען גליקליך דאמיט וואָס איך וועל קענען מיינע לעצטע יאהרען פערברענגען מיט מיינעם א רעליגיאָנס ברודער, איך דאנק דיר גאָטט פון אברהם, פאר דעם גרויסען חסד וואָס דוא האָסט דא מיט מיר געטאָהן.

אדמאן פאר וואָס האָב איך זיך מיט אייך ביז אהער ניט בעקאנט, איך בין שטארק אין כעס אויף אייערע ליכט דערפאר וואס זייא האבען זיך מיר ניט געוויזען ביז אהער.

גבריאל מיך פערדריסט אויך וואָס עס האט זיך ניט געמאכט אזא געלעגנ־הייט מיר זאָלען זיך דערקענען ביז אהער, איך קען אייך גאָר ניט פאָרשטעלען ליעבער פריינד וויא ליעב איך האב אייך בעקומען אין דער מינוט, עפּעס א קליינינקייט א מענש פון מיין אמונה, איך בין ביז אהער געווען עלענד וויא א שטיין צווישען דיא טויזענדער פיינדע וואָס זוכען נאָר אונזער אונגליק אונזער טוים.

אדמאן דערפאָר וועט איהר שוין פון היינט אָן און ווייטער ניט זיין עלענד, איך וועל אייך בעקאנט מאכען מיט אללע געהיימע יודען.

גבריאל אזוי? עס זיינען דאָ א חוץ אונז נאך געהיימע יודען אין ליסאבאן.

אדמאן יא, עס זיינען דאָ נאך צעהן פאמיליען, מיר האבען דאָ אונזער שוהל וואו מיר גיסען אויס אונזערע טרערען פאר דעם יודישען גאָטט.

גבריאל אזוי? איהר האט דאָ א שוהל אויך?

אדמאן יא מיר האבען א שוהל טאקע דאָ בייא מיר אין הויז.

גבריאל (אין א זייט) דאס איז טהייערער פון גאָלד (צו אדמאנען) איהר וועט מיר געוויס אריין פיהרען אין אייער שול.

אדמאן מיט'ן גרעסטען פערגעניגען, נאָר אצינד איז שוין שפּעט, איהר וועט דאָך מאָרגען אויך געוויס ביי מיר זיין וועל איך אייך ווייזען אונזער שוהל מיט אונזערע ספרי תורות.



גבריאל איך בין וויא בערוישט פון פרייד (אויפשטעהענד פון אָרט) נוא מיין פריינד דערווייל האָט א גוטע נאכט, איך מוז שוין געהן, דען הייטע ערוואַרטע איך נאך געסט, מאָרגען פריה קום איך צו אייך ווידער, גוטע נאכט. (ער אומאַרימט אדמאנען און קושט איהם).

אדמאן א גוטע נאכט געהט געזונדערהייט, איך ערוואַרטע אייך מאָרגען מיט דער גרעסטער אונגעדולד (גבריאל געהט אב, אדמאן בעגלייטעט איהם.)

---

## אכטער אויפטריט.

### אדמאן,

אדמאן (אליין) אונזערע יודען זיינען צו בעוואונדערען, זייא זיינען פעהיג צוליעב זייער גאָטט אזוי פערבלענדען דער וועלט דיא אויגען, אז זאָגאר זייערע אייגענע ברידער זאָלען זייא בשום אפן ניט דערקענען, איך וואלט דאָס קיין מאהל ניט געגלויבט אז דער גבריאל איז א יוד, ער האָט אזוי קינסטליך זיין ראָליע געשפּילט, אז מען האָט געקענט מיינען אז ער איז דער גרעסטער יודען פיינד.

---

## ניינטער אויפטריט.

### אדמאן—איזאבעללא—פּעדראָ—דזאקווינה.

אללע נוא וואָס הערט זיך? וואס האָט ער גערעדט?

אדמאן ער איז א יוד, א פרומער יוד וויא מיר אללע.

איזאבעללא ער איז א יוד? איך האב באלד אין איהם דערקענט אז ער איז פון אונזערע רעליגיאָנס ברידער, דוא ווערסט גלויבען מיין זאָהן, אז פון דער ערשטער מינוט וואס איך האב איהם דערזעהן איז ער מיר געוואָרען איינגעבאקען אין הערצען ווייל דוא ווייסט צו וועמען ער איז ענהליך צו דיין גאָטט זעליגען פאטער, דאס איז ?ייגענטליך א געלעבטער, נאר איך זאג דיר אז ער איז צוליעב דעם מיר אזוי ליעב געוואָרען אז איך האב שוין גאָר ניט געוואָלט אז ער זאָל פון דאנעם אוועק געהן, ווען וועט ער דאָ זיין נאך א מאל?

אדמאן ער וועט שוין זיין בייא אונז אללע טאָג, מיר פרייען זעהר וואס אונזער קליינע געמיינדע האט זיך פערגרעסערט מיט נאך א מענשען.

**פעדראָ** ער האט אייך אָפען געזאָגט אז ער איז א יוד?

**אדמאן** עס פערשטעהט זיך אז ער האָט מיר אָפען געזאָגט, איהר האט נעדארפט זעהן וויא ערפרעהט ער איז געוואָרען אלס ער האט ערפאהרען אז איך בין א יוד, דיא אויגען זיינען איהם געוועזען פול מיט טרערען, ער איז פערטיג געוועזען פארנאנדער וויינען זיך אויס פרייד (צו דזאקווינה'ן) אצינד מיין טאָכטער נעה אין אונזער געהיימען טעמפעל אין רוף אריין אונזערע מענשען וואָס דאווגען דאָרט. עס איז שוין שפעט מען דארף שוין אָפּ זאָגען שלום עליכם און געהן צום טיש.

**דזאקווינה** איך נעה פאטער. (אב)

**איזאבעלא** ווארום האסטו ניט איינגעלאדען אונזער נייעם ברודער צום טיש?

**אדמאן** ער האט זיך זעהר נעאיילט אוועק צו געהן, נאָר ער וועט שוין ביי אונז זיין א שטוב מענש.

---

## צעהנטער אויפטריט.

(פארינע — דזאקווינה — אסך געהיימע יודען געקליידעט אין פּאָרטוגעזישע נאציאָנאל קליידער, קומען אריין און זינגען.)

.1

זייא אונז ווילקאָממען שבת אין אונזער הויז
פערטרייב פון אונז זאָרג און לייד
מיר שפרייטען דיא הענד נעגען דיר אויס
און עמפפאנגען דיך מיט גרויס פרייד
שלום עליכם שרייען מיר אללע
זייא אונז געגריסט דוא ביזט אונז ליעב
דוא ביזט שבת אונזער הייליגע כלה
ברייננ אונז דיא ברכה אין אונזער שטוב.

.2

אין פינסטערן גלות אין דיא גרעסטע צרות
ביזטו שבת אונזער טרייסט געוועזען
מיר קליידען זיך אָן וויא דיא שררות
וועז מיר דארפען זיך מיט דיר זעהן
שלום עליכם שרייען מיר יודען
זייא אונז געגריסט דוא ביזט אונז ליעב
מיר זיינען אללע מיט דיר צופריעדען
זייא אונז ווילקאָממען אין אונזער שטוב.

## דער פארהאַנג פאלט.

---

# דריטער אקט.

---

## פינפטעס בילד.

(בייא גבריאל'ן אין צימער.)

---

## 1טער אויפטריט.

ערינה

**ערינה** (אליין) שלעכט, וויא איך פערשטעה וועט דאָ מענדעס גאָר ניט אויספיהרען, פעדראָ וועט געוויס ניט אבלאָזען דעם שידוך מיט דזאקווינה'ן וויא מיר ווייזט אויס איז ער אין איהר שטערבליך פערליעבט, ער פערפעהלט איין טאָג ניט, ער זאָל צו איהר ניט אריין געהן, און זאָל דאָרט אבזיצען שטונדען לאנג, אה! אללע מיינע האָפנונגען געהן אוועק מיט דעם ווינד, איך פיהל אז מיינע קרעפטען פערלאָזען מיך פון טאג צו טאג אלעס מעהר איך קען זיך שוין קיין ראטה ניט געבען וואס צו טאָהן (פויזע) איך פערשטעה גאָר ניט וואס איז דיא אורזאכע וואס מיין פאטער האט אללע טאָג אנגעהויבען מאכען וויזיטען אדמאנ'ן, וואס פאר א געשעפטען האט ער מיט דעם מענשען, מיר ווייזט זיך אויס אז מיין פאטער איז עפּעס ניט גלייכגילטיג צו דזאקווינה'ן, ער דערמאנט זיא זעהר אָפט, און רעדט פון איהר מיט אזא פייער פונקט וויא איין ליעבהאבער רעדט וועגען זיין געליעבטער, זאל איך גלויבען אז ער איז טאקע אין איבר

פערליעבט? איך ווייס? עס קען זעהר זיין אז זיא האט איהם אויך אזוי בעצוי־בערט אזוי וויא פעדרא׳ן, דיא פערפלוכטע דזאקווינה מוז זיין א כישוף מאכערן אנדערש נים.

---

## 2טער אויפטריט.

### ע ר י נ ה — מ ע נ ד ע ס.

מ ע נ ד ע ס (נימ איהר דיא האנד) גוט מארגען שעהנע פרייליין, דוא ביזט דא נאר אליין? וואו איז דער פאטער?

ע ר י נ ה דער פאטער איז אריינגעגאנגען צו אונזער שכן דיאדע אדמאן, ער וועט געוויס באלד קומען צוריק, נאר זאגט מיר הייליגער פאטער וואס הערט זיך עפעס מיט פעדרא׳ן?

מ ע נ ד ע ס פעדרא וועט זיין דיין חתן.

ע ר י נ ה נענוג אייך, פון מיר חוזק צו מאכען.

מ ע נ ד ע ס עהע ביזט דאך נאר א קינד, וואס הייסט איך וועל פון דיר חוזק מאכען.

ע ר י נ ה איך זעה דאך אז איהר זאגט מיר אלץ צו אז פעדרא וועט זיין מיין חתן און דערבייא בלייבט דאס, איך זעה מעהר נים וויא דאס, אז פעדרא גייט אלע מאל צו אדמאנען און ראזאנסירט מיט זיין טאכטער.

מ ע נ ד ע ס זייא זשע נים קיין קינד, אז מענדעס זאגט דיר צו א זאך זאלסטו גלויבען, נאר א סימן וועסטו האבען אז פעדרא וועט זיין דיינער אז ער וועט באלד קומען אהער.

ע ר י נ ה (העכסט ערשטוינט) ער וועט קומען אהער?

מ ע נ ד ע ס יא באלד קומט ער אהער, נאר דיך וועל איך בעטען דוא זאלסט דא נים זיין ווען איך וועל מיט איהם רעדען, דער שידוך צווישען פעדרא׳ן מיט דיר מוז געשלאסען ווערן אונטער פיער אויגען.

ע ר י נ ה אבער ערצעהלט מיר הייליגער פאטער, וויא קומט דאס ער זאל אהער קומען.

מ ע נ ד ע ס דאס איז נים דיין עסק, גענוג איז פאר דיר אז ער וועט זיין דיין חתן.

ע ר י נ ה (קושט איהם דיא האנד) מעהר פערלאנג איך נים, אך הייליגער



פאטער מיט וואס קען איך אייך בעלאהנען, פאר דעם אלעם גוטען וואס איהר טהוט מיט מיר.

מ ע נ ד ע ס איך פערלאנג פון דיר גאר נים, פעדרא וועט שוין מיר פאר אלעם בעלאהנען.

ע ר י נ ה פעדרא וועט אייך בעלאהנען דערפאר וואס איך וועל זיין זיין כלה?

מ ע נ ד ע ס יא ער וועט מיר שוין געבען גוטע שדכנות.

ע ר י נ ה עפעס קומט דאס מיר אונגלויבליך פאר, נאך אייערע ווערטער ווייזט דאך אוים אז ער ליעבט מיר אויך.

מ ע נ ד ע ס איך בעט דיך פרעג קיין קשיות נים, איך זאג דיר מעהר נים אז איך וועל דעם שידוך אויספיהרען, נאר געה שוין אוועק פון דאנען, אז פעדרא וועט קומען זאל ער דיך דא נים טרעפען.

ע ר י נ ה איך געה הייליגער פאטער (אב).

---

## דריטער אויפטריט.

### מ ע נ ד ע ס.

מ ע נ ד ע ס (אלליין) יא אזוי מוז איך דרעהען דאס רעדעל, אז פעדרא וועט אהער קומען וועל איך איהם געבען צו פארשטיין, אז איך ווייס שוין אז ער איז א יוד, און אויב ער וועט מיט ערינה׳ן נים הייראטהען וועל איך פאר איהם מאכען א וועג גליך אין פייער אריין, ער וועט דוכט זיך בעססער וועלען עהן צו דער הופה מיט א שעהן מיידעל איידער צו געהן אין פייער, און אז ער וועט שוין ווערען ערינה׳ס חתן, וועל איך זיך נעהמען צו דעם שידוך פון גבריאל׳ן מיט דזאקווינה׳ן, נאכהער וועט דוכט זיך געשלאסען ווערען א געלד שידוך צווישען מיר מיט אדמאנ׳ן, אויב ער וועט קיין געלד נים וועלען געבען וועל איך איהם חתונה מאכען מיט דעם טויט (פויזע) איך הער מען געהט, דאס איז געוויס פעדרא.

---

## 4טער אויפטריט.

### מ ע נ ד ע ס. — פ ע ד ר א

פ ע ד ר א פערצייהעט הייליגער פאטער, וואס איך האב נים געקענט קוממען פונקט אין דער צייט וואס איך האב אייך צו געזאגט.

מענדעס עס מאכט ניט אויס זעץ זיך מיין קינד (פעדראָ זעצט זיך) דוא ווייסט מיין זאָהן וואס איך האב דיך אהער גערופען?

פעדרא פון וואנענט זאָל איך וויסען.

מענדעס איך וויל דיר מיין קינד פערהיטען פון א אונגליק.

פעדראָ וואס פאר א אונגליק?

מענדעס געדיינקסטו אז איך האב דיך עטליכע מאָל געוואָרנט, דוא זאָלסט זיך ניט פערבינדען מיט אדמאן'ס טאָכטער, ווייל ער געפעלט מיר ניט פאר א פרומען קריסטען, איך האָב דיר דאָס מיט א האלבען מויל געזאָגט, ווייל איך האב נאך אויך געצווייפעלט אין דעם, נאָר יעצט קען איך דיר עס זאָגען מיט א פולען מויל אז גאָטט זאָל דיך היטען פון דער פארטייא, דען איך וויים שוין בעשטימט אז אדמאן איז א געהיימער יוד.

פעדראָ (אין א זייט) אונזער טויט איז נאָהענט (צו מענדעס'ן) וואָס רעדט איהר הייליגער פאטער אדמאן איז א געהיימער יוד?

מענדעס יא מיין קינד ער איז א פערפלוכטער יוד, און גאָט זאָל דיך היטען פון זיין טאָכטער.

פעדרא ניין הייליגער פאטער איך קען דאָס נאָר ניט גלויבען, איך בין בייא זייא אין שטוב איין איינענער פון עטליכע יאהר, איך האָב קיינמאָהל ניט בעמערקט אין זייא קיין שלעכטס, אין געגענטהייל איך האב געזעהן אז זייא זיינען פרומע קריסטען.

מענדעס שפאָר זיך איך בעט דיך מיט מיר ניט, מסתמא אז איך רייד וויים איך וואס איך רייד איך זאָג דיר נאָך אמאָל אז אדמאן איז א יוד, און ווען דוא ווערסט חתונה האָבען מיט זיין טאָכטער וועט מען געווים זאָגען: אז דוא ביזט אויך א געהיימער יוד, נוא פערשטעהסטו שוין וואס פאר א סוף דוא קענסט דאָ האבען?

פעדרא איהר קענט ריכטיג איבערצייגען אז אדמאן איז א יוד?

מענדעס דער בעסטער בעוויז וועט זיין דאס, וואס מען וועט זייא פארברענען.

פעדראָ אוי ווען איך וועל דעם שדוך אָפלאָזען?

מענדעס דאַן וועט זייא קיין שלעכטס ניט געשעהן, איך וועל אויף זייא רחמנות האבען.

פעדראָ וויא קומט עס הייליגער פאטער אז איהר זאָלט רחמנות האבען אויף א יודען?



מענדעס פערשטעהסטו מיך ווען דוא ווערסט דעם שידוך אָפלאָזען, וועל איך געבען דזאָקווינה'ן א מאַן א קריסט וועלכער וועט זיא שוין מאכען פאר א וואהרער קריסטין, דוא ווערסט חתונה האָבען מיט גבריאל'ס טאָכטער זיא איז א וואהרע פרומע קריסטין ווערסטו אויך בלייבען א פרומער קריסט, דוא פערשטעהסט וואס פאר א מצוה איך וועל דאָ פערדינען?

פעדראָ וויא איך זעה רעכענט איהר מיך אויך פאר א יודען?

מענדעס איך מוז דיך אזוי רעכענען, ווייל דוא ווילסט הייראטהען מיט א יודין.

פעדראָ איהר האָט אָבער א טעות הייליגער פאטער, מיר זיינען אללע פרומע קריסטען.

מענדעס נוא גענוג צו טענהען איך בין דיר מחויב געווען צו זאָגען מיין פערלאנג ווילסטו מיך פאלגען, ביזטו וויא אויך אדמאן מיט זיין טאָכטער גערעטעט, אויב ניט מעגט איהר זיך אללע געזעגנען מיט אייער לעבען זייא זיך מישב איך קום באלד אריין. (אב)

---

## פינפטער אויפטריט.

### פעדראָ

פעדראָ (אלליין, חאפט זיך פערצווייפעלט פאר דיא האר) גאָטט! וואס טהוט מען, וואס פאר א עצה זאָל איך מיר דאָ געבען, מיר זיינען פערלאָרען (ער לויפט ארום הין און צוריק איבערן צימער) איך זאָל אפלאָזען דעם שידוך מיט דזאקווינה'ן און חתונה האבען מיט גבריאל'ס טאָכטער? איז מיר שוין דער טויט פיעל ליעבער אלס אזא פינסטערן לעבען, איך? איך זאָל פערבייטען מיין דזאקווינה'ן אויף גבריאל'ס טאכטער? ניין איך וועל דאס ניט טאָהן ווען איך זאל אפילו וויסען אז איך ווער הייטיגען טאָג פערברענט, איך וועל ליעבערסט מיט דזאקווינה'ן שטערבען אלס מיט גבריאל'ס טאכטער לעבען. (פויזע) אבער עס איז דאָך אויף דזאסווינה'ן א רחמנות, זיא וועט דארפען געהן אין פייער, אבי וואהל זיא איז בייא זיך שטאָלץ, און זאָגט אז פאר דעם טויט האט זיא קיין מורא ניט, איך וויים אבער אז קוים וועט זיא זעהן דעם טויט פאר דיא אויגען וועט זיא איהר שטאָלץ פערלירען, היינט איהר פאטער וועט זיך געווים פאר דעם טויט ערשרעקען (ער חאפט זיך פאר דעם קאָפף) אָה מיר איז ביטטער איך וויים גאָר ניט וואס צו טאָהן! (פויזע) הא! דאס איז אפשר א פלאַן איך

וועל פערשפרעכען מענדעסען אז איך וועל התונה האבען מיט גבריאל'ס טאָכ־טער ער וועט דאָך נעוויס ניט פערלאנגען, דיא חתונה זאל זיין היינטינגען טאָג, זיא וועט דאָך דיא חתונה כסתמא אָפּלייגען אויף א געוויסער צייט, דער וויל וועל איך אפשר מיט דזאקווינה'ן און מיט אדמאנ'ן קענען ענטלויפען פון דער פערפלוכטער שטאדט, יא! קיין אנדער מיטעל האב איך ניט אזוי מוז איך טאָהן.

---

## 6טער אויפטריט.

### פעדראָ — מענדעס.

**מענדעס** נוא מיין קינד וואס האסטו אָפּגעקלערט?

**פעדרא** איך בין בעשלאָסען חתונה האבען מיט גבריאל'ס טאָכטער.

**מענדעס** (ערפרייעט) זעהסטו אצינד זעה איך אז דוא ביזט א חכם, דוא רעטעסט זיך מיט אדמאנ'ס פאמיליע פון טויט, מיר האבען אפילו נעדארפט יעצט מאכען א האנדשלאג צווישען דיר מיט דער שעהנער ערינה'ן זיא איז אָבער נראדע צו הויז ניטאָ, דארום וועלען מיר אזוי טאהן, זעטץ דיך און שרייב אָן צו גבריאל'ס טאָכטער א בריעף, שרייב אז דוא האסט זיא ליעב, דען זיא דארף ניט וויססען אז דוא טהוסט מיט איהר נענען דיין וויללען, שרייב איהר אויך אז דוא ביזט בעשלאָסען נאָר מיט איהר חתונה צו האבען, דער בריעף וועט שוין הייסען אזוי פיעל וויא א קאָנטראַקט (ער דערלאנגט איהם פאַפיר טינט און פעדער) נוא שרייב איך וועל דיר דיקטירען.

**פעדראָ** (זעצט זיך) איך וועל שוין אללעס אָנשרייבען וואָס איהר וועט הייסען.

**מענדעס** (דיקטירט) עדלע ערינה! פון דער מינוט וואס איך האב אייך דער־זעהן האט איהר מיט אייער שעהנעם געזיכט א שטארקען איינדרוק נעמאכט, איהר שטעהט מיר שטענדיג פאר דיא אויגען, איך קלער אימטער וועגען אייך, מיט איינעם וואָרט איך בין אין אייך פערליעבט, און איך וואגע מיך דורך דיעזען בריעף אייער האנד צו בעטען, איך האף אז איהר וועט מיך בעגליקען מיט דער פערזיכערונג אז איהר וועט מיינע פרויא זיין, איך ערווארטע מיט אונגעדולד אייער אנטוואָרט און פ.רבלייב אייער עווינ ליעבענדער פעדרא.

**מענדעס** זעהר גוט, פאָרטרעפליך, נוא מיין פריינד דוא קענסט שוין געהן,



אָטט זאל דיר געבינען גליק, איך האָף אז דוא וועסט מיר דאנקען זייט דוא וועסט לעבען.

**פעדראָ** יא איך מוז שוין טאקע געהן, אדיע (ער געהט אב).

**מענדעס** (לאכט) אזוי מיין פיינעלע, איך האב דיר גוט אין מיין פאסטקע געחאפּט, נוא אצינד וועל איך שוין געהן אויף א אייזערנער בריק איך וועל געהן ווייזען ערינה'ן דעם בריעף, זיא וועט פאר פריידע גאָר ניט ווי־סען וואס צו טאָהן. (אב)

---

## 7טער אויפטריט.

### גבריאל — איזאבעללא.

**גבריאל** (העריינקאָממענד) קומט אריין מאדאם איך וועל באלד אייך בעקאנט מאכען מיר מיין טאָכטער.

**איזאבעללא** איהר קענט אייך גאָר ניט פאָרשטעלען הערר על־מעדזעע וויא טהייער איהר זייט בייא מיר, איך ליעב אייך וויא איין אייגען קינד.

**גבריאל** איך דאנק אייך זעהר מאדאם פאר אייער פריינדשאפט זיצט.

**איזאבעללא** זעהט נאָר וואָס מען זאָגט אָפט אז א הערץ איז א האלבער נביא, באלד וויא איך האב אייך דערזעהן האב איך אייך ליעב בעקומען וויא א קינד, אבוואָהל איך האב אייך פאר א קריסט גערעכענט, עפּעס אזוי וויא דאָס הערץ האט מיר געזאָגט אז איהר זייט אויך א יוד, איך זאָג אייך אָהנע אייך צו שמייכלען, אז איך בין מיך מחיה ווען איך רעד מיט אייך, עס קען זיין אז דאָס איז דערפאר וויל מיין זאָהן האט אויך געהייסען גבריאל און דאצו זייט איהר שטארק עהנליך צו מיין גאָטט זעליגען מאן.

**גבריאד** עס קען זעהר זיין, מיר זעהן אָפט וויא מענשען זיינען עהנליך איינער צום צווייטען,

**איזאבעללא** עהנליך צו עהנליך איז אָבער גאָר ניט גלייך, איך זאָג אייך אז איהר זייט א ריכטיגער בילד פון מיין מאן, איהר האט אפילו זיין שטיממע, דאס ערשטע מאָל אז איך האב אייך דערזעהן האב איך געמיינט אז מיין מאן איז לעבעדיג געווארען.

**גבריאל** (לאכט) איהר האט געמוזט פערגעסען אז טויטע קענען ניט לעב . ג ווערען, זאָגט מיר שוין לאנג אז אייער מאן איז טאדט?

איזאבעללא אָה זעהר לאנג אונגעפעהר 35 יאהר, ער איז געשטאָרבען אין דער עלטער וויא איהר זייט אצינד 40 יאהר איז ער אלט גע־ ווען בשעת ער האט זיך ערשאָסען.

גבריאל ער האט זיך ערשאָסען?

איזאבעללא יא ער האט זיך ערשאָססען אום ער זאָל ניט ארייגפאללען צו דעם הענקער אין דיא הענד אריין.

גבריאל ערקלערט מיר נאר מען האט דען ערפאהרען אז ער איז א יוד?

איזאבעללא א באנדיט האט ערפאהרען, אז ער איז א געהיימער יוד, און ער וואָלט איהם געווים אוים געגעבען ווען מיין מאן וואלט זיך זעלבסט ניט ערשאָססען.

---

## אכטער אויפטריט.

### פאָרינע — מענדעס.

מענדעס דוא ביסט דא גבריאל איך ווארט שוין אויף דיר אפשר 2 שעה (ער דערזעהט איזאבעללא'ן און זאָגט אן א זייט) דיא פרויא איז מיר זעהר בעקאנט.

איזאבעללא (שטעהט אויף פון אָרט) איהר האט דאָך מיר פערשפראָכען על־מעדזעע מיך מיט אייער טאָכטער בעקאנט צו מאכען.

גבריאל יא איך וועל אייך צו מיין טאָכטער אין צימער אריינפיהרען.

מענדעס (אין א זייט) וואס זעה איך, דאס איז דוכט זיך פולטאן'ס פרוי נאָטטעס וואונדער!

איזאבעללא (צו גבריאל'ן) אויב איהר ווילט אזוי פריינדליך זיין, פיהרט מיך אריין צו אייער טאכטער.

גבריאל קומט מאדאם (צו מענדעס'ן) ווארט דאָ איך קום באלד צוריק (ער מיט איזאבעללא'ן אב)

---

## ניינטער אויפטריט.

### מענדעס.

מענדעס (אלליין קוקט זיך נאך פערוואונדערט) יא דאס איז זיא, דאס איז פולטאן'ס ווייב, גבריאל'ס מוטטער מערקווירדיג! וויא קומט זיא אהער, פיא



עס ווייזט אוים ווייס זיא ניט אז גבריאל איז איהר זאָהן, און גבריאל ווייס ניט אז זיא איז זיין מוטטער, איך קען דאס נאָר ניט פערשטעהן (ער געהט ארום פערטראכט) פולטאן'ס ווייב, גבריאל'ס מוטטער דאָס איז אונפערשטענדליך אונבעגרייפליך.

---

## 10טער אויפטריט.

### מענדעס — גבריאל.

מענדעס ווער איז דיא פרוי?

גבריאל דאָס איז אדמאן'ס מוטטער.

מענדעס (העכסט פערוואונדערט) אדמאן'ס מוטטער? אדמאן איז איהר זאָהן?

גבריאל איך פערשטעה נאָר ניט וואס וואונדערט איהר זיך אזוי.

מענדעס אדמאן איז איהר זאָהן?

גבריאל איך זאָג דאָך אייך אז אדמאן איז איהר זאָהן.

מענדעס (אין א זייט) איז אדמאן גבריאל'ס ברודער? (צו גבריאל'ן) וואָס טהוט זיא דאָ?

גבריאל עס איז א געלעכטער מיט דער פרוי, זיא האט זיך איינגעבילדעט אז איך בין עהנליך צו איהר פערשטאָרבענעם מאן, זיא שרייט אלץ אז זיא האט מיך דערפאר ליעב וויא א אייגען קינד, היינט איז זיא צו מיר צו געשטאַנען איך זאל זיא בעקאָנט מאכען מיט ערינה'ן (דער יעזואיט ענטפערט ניט און געהט ארום פערטראכט איבער דעם צימער) וואס געהט איהר ארום אזוי פערטראכט היילינער פאטער?

מענדעס (חאפט זיך אויף וויא פון שלאָף) נאָר נישט! דוא ביזט געווען ערשט בייא ארמאנ'ן?

גבריאל יא, איך האב היינט אויך געמוזט געהן מיט איהם אין זיין שוהל, איהר וועט ניט לאכען מענדעס ווען איך וועל אייך דערצעהלען א נארישקייט.

מענדעס וואס פאר א נארעשקייט?

גבריאל אדמאן האט מיר געוויעזען א ספר תורה מיט א נאָלדענע קרוין, איז מיר דיא ספר תורה מיט דער קרוין אזוי קענטליך פאָרגעקוממען, איך

וואָלט געשוואָרען אז איך האָב זיא שאָן ערגעץ געזעהן, וואס איך האב מיר צו בראָכען דעם קאָפּף קלערענדיג וואו איך האָב זיא געקענט זעהן, איך קען מיך אבער בשום אופן ניט דערמאָנען.

**מענדעס** דאָס איז טאקע ניט מעהר וויא א נארישקייט, נאָר זאָג מיר וואָס הערט זיך דאָרט מיט דזאקווינה'ן האסטו שוין מיט איהר גערעדט?

**גבריאל** יא איך האָב מיט איהר גערעדט, נאר וויא איך האב בעמערקט שרעקט זיא זיך פאר מיך ווען זיא רעדט מיט מיר קען זיא מיר גלייך אין דיא אויגען ניט קוקען, זיא איז שטערבליך פערליעבט אין פעדראָ'ן.

**מענדעס** היינטיגער טאָג וועט מאכען א סוף צו דער ליעבע.

**גבריאל** וואס הייסט עס וועט ווערען א סוף צו דער ליעבע?

**מענדעס** זעהר איינפאך זיא וועט איהם פיינט קריעגען און דיך ליעב האבען.

**גבריאל** איך פערשטעה נאָר ניט דיא ווערטער וואָס רעדט איהר?

**מענדעס** (נעהמט ארויס א בריעף פון טאש) נוא נעה טראג אוועק דעם בריעף צו דזאקווינה'ן.

**גבריאל** (בעטראכט דעם בריעף) וואָס איז דאָס פאר א בריעף? עפּעס שרייבט פעדראָ צו מיין טאָכטער וואָס איז דאס?

**מענדעס** פרעג קיין פראגען ניט און נעה גיעב איהר איבער דעם בריעף, אז זיא וועט זיך גוט דערשרעקען זאָלסטו א הר אָנהייבען פאָרשצוטעלען וויא גליקליך זיא וועט זיין פאר דיר דוא הערסט?

**גבריאל** (קוועטשט מיט דיא אקסלען) זאָגט מיר נאר היילינער פאטער דאָס איז ווירקליך פעדראָ'ס האנדשריפט?

**מענדעס** יא דאס איז זיין האנדשריפט נעה גיעב איהר איבער דעם בריעף און אויב זיא וועט נאָך אללע זאכען מיט דיר פאָרט ניט וועלען הייראטהען זאלסטו איהר דערמאנען דעם פייער טאָדט, דוא הערסט?

**גבריאל** איך הער, איך וויים אָבער ניט צו......

**מענדעס** זאָג וואס ווייסטו ניט.

**גבריאל** עפּעס רייסט מיר דאָס הערץ מיר איז זעהר שווער אוים צו ריידען א שלעכט וואָרט ביי אדמאנ'ן אין הויז איך מוז אייך זאָגען אז איך האב דיא פאמיליע שטארק ליעב בעקומען, איך קען זייא קיין שלעכט ניט טאָהן.

**מענדעס** נוא זייא ניט קיין נאר, נעה גיעב איהר איבער דעם בריעף, קום, איך נעה פארבייא אדמאנ'ן וועל איך דיך בעגלייטען ביז אדמאנ'ס הויז (ביידע אב).



# זיעבענטעס ביל ד.

---

## ערשטער אויפטריט.

(בייא אדמאנען אין לוסט-גארטען)

**דזאקווינה** (אלליין, זיצט אונטער א בוים און זינגט)

1.

אללעס איז שעהן ארום אין ארום
דער זוממער שטעהט אין פאָללען פראכט
דאָ גרינט א בוים, דאָ בליהט א בלום
דיא גאנצע נאטור זינגט און לאכט
נאָר איין בעשעפעניש איז דאָ אין דער וועלט
וואָס ציטערט זיך ריהרען מיט א גליד
עס ציטערט און טרעסעט וויא פון קעלט
עס הייסט מיט דעם נאמען עלענדער יוד.

2.

פאָר איהם איז קיינמאָל קיין זוממער ניטאָ
פרעהליך קען ער קיינמאל ניט זיין
ער האט קיינמאָל קיין בערוהטע שעה
ער זעהט ניעמאלס דיא ליכטיגע שיין
מען דריקט איהם, מען קוועטשט איהם גאָר אהן א שיעור
מען יאגט איהם מען שלאָגט אויף יעדען טריט
קוים נעהט ער צו, צו דער גליקעס טהיר
שרייט מען אוועק דוא פערפלוכטער יוד.

אך דוא עלענדער אונגליקליכער יוד! מיט וואָס האסטו זיך אזוי פערשולדיגט וואָס מען האט דיך אזוי פיינד וואס מען איז אזוי דורשטיג צו דיין בלוט, צו אללע צרות קומט א סוף נאר צו דיינע ליידען צו דיינע יסורים איז קיין גרענעץ ניטאָ, שוין טויזענדער יאהר מוטשעט מען דיך טויזענדער יאהר טרינקט מען דיין בלוט

און דיינע שונאים ווערען נאָר ניט בעססער, מ׳ קען דיך ניט ליידען מען קען ניט זעהן אז דוא לעבסט, וואָס האסטו אזוינס געטאָהן אונגליקליכער יוד? וואס ביס־ו שולדיג וואָס גאָטט האט דיר א נשמה געגעבען וואס דוא אטהעמסט אויף דיא לופט פון דער וועלט, וואו איז דיין השגחה דוא גאָטט פון ישראל? ווארום האסטו איבערגעלאזט דיינע יודען וויא עלענדע שעפּעלעך צווישען טיגערען קוק אראָפּ הימלישער פאטער, קוק אראָפּ וויא מען פלאָגט דיין פאָלק ישראל, מען ברענט זייא מען בראָט זייא מען פערגיסט וויא וואססער זייער בלוט, אָה! שוין צייט, שוין צייט דוא זאָלסט אויף זייא רחמנות האבען, שוין צייט דוא זאָלסט זעהענדיג מאכען דער בלינדער וועלט מען זאָל זעהן אז מיר זיינען מענשען גלייך מיט אללע (אין דער מינוט קומט אריין גבריאל אין גארטען ער געהט צו פערנייגט זיך.)

---

## צווייטער אויפטריט.

### דזאקווינה — גבריאל.

**דזאקווינה** (אויםשפּרינגענד ערשראָקען) וואָס טהוט איהר דאָ? ווען בע־דארפט איהר הערר?

**גבריאל** מיין זאָרג וועגען אייך עדעלע דזאקווינה האט מיך געטריבען אהער.

**דזאקווינה** ווער פערלאַנגט דאס פון אייך איהר זאָלט פאר מיר זאָרגען.

**גבריאל** זייט ניט אזוי אין כעס שעהנע דזאקווינה, ערלויבט מיר נאָר עט־ליכע ווערטער צו זאָגען האָף איך אז איהר וועט מיר נאָר אנדערש בעהאנדלען.

**דזאקווינה** נוא רעדט לאָמיר הערען וואָס איהר ווילט?

**גבריאל** איך בין געקומען אייך עפענען דיא אויגען, איהר זאָלט זעהן אז דער מענש אין וועלכען איהר זייט אזוי איינגעליעבט איז אייך פאלש.

**דזאקווינה** רעדט וועמען מיינט איהר.

**גבריאל** איך מיין אייער חתן פעדראָ פון פערייראַ.

**דזאקווינה** איך בעט אייך מיין הערר איהר זאָלט פאר מיר ניט זאָרגען און איהר זאלט אויף מיין חתן קיין שלעכט וואָרט ניט ריידען ווען ער איז פאלש וועט קיינער פון איהם ניט ליידען וויא אויכער איך.

**גבריאל** נעהמט ניט פאר אומגוט עדעלע פריילין, איך מוז אייך זאָגען אז איהר



האָט א טעות, פון א שלעכטען פאלשען מענשען ליידעט ניט נאר איינער, אסך ליידען פון איהם אָט איז מיין טאָכטער שיער אין זיין נעטץ אריינגעפאלען.

**דזאקווינה** אייער טאָכטער? וויא קומט אייער טאָכטער צו איהם?

**גבריאל** דער פאלשער מענש ניט זיך עצות וויא אונשולדיגע מענשען אונגליק צו מאכען, נאָט לעזט דעם בריעף וועט איהר פערשטעהן ווער אייער פעדראָ איז (ער רייכט איהר דעם בריעף).

**דזאקווינה** (נעהמט דעם בריעף) וואס איז דאָס פאר א בריעף? (זיא קוקט אין דעם בריעף און ציטערט וויא פון פיבער) מיין גאָטט! איז דאס קיין שרעקליכער טרוים?

**גבריאל** ניין פריילין דאס איז ניט קיין טרוים, דאס איז ליידער זעהר וואהר, פעדראָ האָט אייך פערפיהרט, און האָט מיין טאָכטער אויך געוואָלט פערפיהרען (דזאקווינה קוקט אויף איהם מיט ווילדע בליקען, זיא קוקט נאָך אמאָל אין דעם בריעף, ענדליך צורייסט זיא איהם, און זעצט זיך אניעדער אויף דער באנק פערהילט דאָס געזיכט אין דיא הענט און וויינט, גבריאל קוקט אויף איהר איינינע מינוטען און זאָגט אין א זייט) קענטיג אז דער בריעף האט אויף איהר געווירקט, אצינד וועל איך פּרובירען מיט איהר וועגען זיך צו רעדען (צו דזאקווינה׳ן) פון דעסט וועגען זייט ניט אזוי פערצווייפעלט עדלע דזאקווינה, איהר מיינט אז ניט פעדראָ וועט איהר שוין קיין חתן ניט סריעגען, איך זאָג אייך אז אייך ערוואַרטעט א סך א גרעסערער גליק וויא מיט פעדראָ׳ן, איך מוז אייך דיא וואהרהייט זאָגען, אז איך ליעב אייך מעהר אלס זיך זעלבסט, איך בין יעדע מינוט פערטיג מיין בלוט פאר אייך צו פערגיסען, פערגעסט שעהנע דזאקווינה דעם פאלשען מענשען וועלכער פערשטעהט ניט וויא אייך צו שעטצען און עמ־פפאנגט דאָס גליק פון מיר, קוקט ניט וואס איך בין שוין אין יאהרען, מיין הערץ איז נאָך יונג פאר אייך (זיא ענטפערט ניט און זיצט אין דער פאָריגער פאָזע, גבריאל בעטראכט זיא און זאָגט אין א זייט) זיא שווייגט דאס איז א גוטער צייכען, איך וועל נאָך מיט איהר א ביסעל רעדען וועל איך שוין זיין פער־טיג (צו דזאקווינה׳ן) הערט נאר אוים דזאקווינה, הערט נאר אוים דעם מענ־שען וואָס דיא ליעבע צו אייך ברענט וויא א העלישער פייער אין זיין ברוסט, אך ווען איהר זאָלט מיר פאָלגען, זאָג איך אייך א איהר וואלט געוועזן דיא גליקליכסטע אין דער וועלט, איך וואָלט אייך פערשאפט אללעס וואָס א מענש קען נאר פערלאנגען, איהר ווייסט דאָך געוויס אז איך בין א מיליאָנער, אללע מיינע מיליאָנען שטעהען אייך צו דיענסט איך וועל בעשטענדיג נאָר מיינע

אויגען אנשטרענגען צו זעהן וואס אייך פעהלט, און מיינע אויערען בענוטצען נאר צו אייער פערלאנג, איך זאג אייך אז אללע פרויען וועלען אייך מקנא זיין, אללע וועלען זאגען אז נאר דזאקווינה איז דיא גליקליכסטע אין דער גאנצער וועלט (דזאקווינה זיצט אלס אין דער פאריגער פאזע און ענטפערט ניט, גבריאל קוקט אויף איהר און זאגט אין א זייט) נוא יעצט איז בייא מיר קיין צווייפעל ניט אז מיינע רייד זיינען איהר אריין אין קאפף, איך בין שוין נאהענט צו מיין ציעל איך מעג שוין דוכט זיך אפריוו טאהן איהר א קוש טאהן (ער געהט צו נעהמט זיא ארום) ענטפער דאך מיר ליעבע דזאקווינה (ער קושט זיא אין קאפף) זאג מיר......

(דא ערוואכט זיך דזאקווינה וויא פון שלאף, גיט איהם מיט אללע קרעפטען א שטויס פון זיך, זא דאס ער שפרינגט אב איינינע טריט א הינטער און פאלט צו דער ערד).

ד ז א ק ו ו י נ ה (איהם אבשטויסענד) אנטלויף פון דאנען דוא אונמענש! פליה פון מיינע אויגען פערפלוכטער הונד, איך וועל דיר דא דיינע הונדישען קאפף אויף שטיקער צו שפאלטען.

ג ב ר י א ל (שטעהט קוים אויף) אונגליקליכע! דוא ווייסט וועמען דוא האסט בעליידיגט דוא ווייסט דאס איך בין א קריסט און איך וויים אז דוא ביזט א יודין.

ד ז א ק ו ו י נ ה (מיט א ווילדען געלעכטער) איך ווייס דאס שוין פון לאנג, לויף דוא באנדיט לויף צו אונזערע פיינדע און ערצעהל אז איך בין א יודין, נאר געה אוועק פון דאנען, מיינע אויגען זאלען דיין מאוס פנים ניט אנקוקען.

ג ב ר י א ל (מיט א גיפטיגען שמייכעל) איך געה! זאג דוא אפ דערווייל וידוי, דען נאך היינטיגען טאג, וועל איך דיך פון דער וועלט פערטרייבען, דוא וועסט שוין וויסען פערפלוכטע יודין וויא א קריסט צו בעליידיגען (ער לויפט ארויס).

ד ז א ק ו ו י נ ה (זעצט זיך אבערמאלס אויף דער באנק, אויף דער סצענע ווערט דונקעל, מען הערט דאס ראלען פון דונערען, א בליץ בעלייכטעט דעם גארטען, זיא זיצט פערטראכט איינינע מינוטען, און שפרונגט נאכהער אויף וויא פון א שרעקליכען חלום ערוואכט) אך דוא פערפלוכטע וועלט אין דיר וואהנען ניט קיין מענשען נאר שדים, טייפלען, און דיא איינינע וועלכע זיינען ווערט צו טראגען דעם נאמען מענש, דיא דיענען נאר אלס שפיעלצייג פאר דיא טיראנען אלס ציעל פאר דיא פפיילען פון דיא בלוטגיערינע באנדיטען (עס פאנגט



אבערמאלס אן צו דונערן און צו בליטצען) אה! דוא אונגליקליכע דזאקווינה, וויא נאריש דוא ביסט געווען דאמיט וואס דוא האסט געהאפט אויף גליק, ניין קיין גליק איז אויף דער וועלט ניטא, איך וויל שוין אין דיר מעהר ניט לעבען שלעכטע וועלט, איך ערווארטע שוין מיט אונגעדולד דיא דיענער פון געריכט זייא זאלען מיך צום זאנפטען טויט פיהרען, איך האב שוין ניט וואס אן צו ווערען וועמעס בין איך און ווער איז מיינער ווען דער איינציגער מענש אין וועלכען איך וואר אזוי איינגעליעבט, ווען פעדרא אויף וועלכען מיין גאנצער האפפנונג וואר געשטיצט איז מיר אזוי פאלש, וויל איך שוין קיין זאך ניט, איך וויל שוין ניט לעבען, אה ווען איך זאל קענען מיט מיינע נעגעל צורייסען דאס שלעכטע הארץ פון דער צויבערין וועלכע האט מיין איינציגע האפפנונגס־ליכט פערלאשען, וועלכע האט פעדרא'ס גוט הערץ אזוי שלעכט און הארט געמאכט, ווען איך זאל זיא חאטשי זעהן פאר מיין טויט וויא זיא וואשט זיך אין איהר בלוט וואלט איך רוהיג געשטארבען.

---

## 3טער אויפטריט.

### ד ז א ק ו ו י נ ח — פ ע ד ר א.

פ ע ד ר א'ס ק ו ל דזאקווינה! (ער לויפט אריין ערשראקען, זוכט מיט דיא אויגען לויפט צו דזאקווינהן, אטהעמט קוים) אה דזאקווינה אנטלויף געשווינד דען דוא ביסט אונגליקליך.

ד ז א ק ו ו י נ ח (שטיל רוהיג) וואס איז פאר א נייעס געשעהן?

פ ע ד ר א דער טיראן גבריאל האט דיך מיט דיין פאטער געמסערט פאר דער אינקוויזיציאן, מען וועט באלד קומען נאך אייך.

ד ז א ק ו ו י נ ה מען וועט באלד קוממען נאך מיר? זעהר גוט, איך ערווארטע זייא טאקע מיט אונגעדולד.

פ ע ד ר א וועה איז מיר דזאקווינה! וואס רעדסטו? האב רחמנות אויף מיר און אויף דיר, אנטלויף געשווינד, דען דער מלאך המות קומט באלד.

ד ז א ק ו ו י נ ה זאל ער קומען, איך האב פאר איהם קיין מורא ניט, איך וועל איהם נאך פריינדליך דיא האנד געבען.

פ ע ד ר א זעה דזאקווינה, וויא אללע גלידער ציטערען אין מיר, רעטע זיך, אום דיין פאטערס ווילען, האב מיטלייד אויף מיר!

**דזאקווינה** (לאכט ווילד) ערינה גבריאל'ס טאכטער וועט שוין אויף דיר מיטלייד האבען, אוועק פון מיינע אויגען דוא ניעדערטרעכטיגער!

**פעדרא** וואס איז דאס פאר א ווערטער, איך פערשטעה דיך נאר ניט, אה, איך הער מען נעהט, אנטלויף, דיא אינקוויזיציאן געהט! (חאפט איהר ביים דער האנד).

**זאקווינה** (רייסט איהר האנד אויס) אוועק פון מיינע אויגען, זאג איך דיר פאר דער היילינער אינקוויזיציאן טאהר מען ניט אנטלויפען, לאז מיך געהן, זייא מקבל פנים זיין.

**פעדרא** (אויסער זיך) זא וואהר וויא גאטט לעבט, אז איך וועל דיר מיט געוואלד פון דאנען אוועק טראגען, (ער חאפט זיא אויף דיא הענד, הייבט מיט איהר אן צו לויפען זיא רייסט זיך אליץ פון זיינע הענד).

אינקוויזיציאנם -- דיענער.

(סומען אן פונקט זייא ענטגעגנען מיט געוועהר, זייא שטעלען דיא ביקסען אויס גענען זייא, פעדרא בלייבט שטעהן; ער לאזט דזאקווינה'ן אראפ, זיא ניט א געשרייא, חאלעשט אויף פעדרא'ס ברוסט.)

דער פארהאנג פאלט.

---

# פירטער אקט.

---

## ערשטער אויפטריט.

**איזאבעללא — ערינה.**

**ערינה** אבער וואס קומט אייך ארויס פון אייער קלאגען גוטע פרויא, ווייסט איהר ד׳ן ־־ט אז מיט אייער יאממער וועט איהר אייער מאן מיט אייער זאהן ניט לעבענדיג מ כ ן.

**איזאבעללא** עס ווייגט זיך נאר אליין מיין קינד מיינע וואונדען און שמערצען זיינע; אזוי שטארק אז איך מוז וויינע׳, אזא אונגליק וויא מיך האט געטראפען קע זיך אזוי לייכט ניט פער-עססען. איך האב פערלארען מיין טהייערן



מאן מיט מיין ליעב סינד דורך א זאנדערבארעס אונגליק, אה ניט מיט קיין נא טירליכען טויט איז מיין מאן געשטארבען, און ניט דורך א געוועהנליכען ארט איז מיין זאהן פון מיר גערויבט געווארען.

**ערינה** בערעכען אבער גוטע פרויא אז דיין מאן איז יעצט אין א בעסערער וועלט, און ער פיהלט ניט דיא לעבענסשמערצען. און וועגען דיין פערלארענעם זאהן בעדארפסטו האפפען צו גאטט אז ער וועט איהם צו דיר צוריק ברייננען.

**איזאבעללא** טרייסט מיך ניט ליעבעס קינד דען דין מיהע מיין שטירמיש הערץ צו בערוהיגען וועט זיין אומזאנסט שוין 35 יאהר זייגען פאראיבער זייט דאס אונגליק האט געטראפען, און מיינע טרערען ווילען זיך נאך ניט אויסטריקענען, און נאר דער טויט קען זייא פון מיינע אויגען אויסווישען.

**ערינה** דוא פערזינדיגסט זיך פאר גאטט מיט דיין קלאגען דוא בעדארפסט איהם דאנקען און לויבען דערפאר וואס ער האט דיר דיין זאהן אדמאן איבערגעלאזט וואצו זאלסטו זיך אליין דאס לעבען פערביטטערען מיט דיין יאממער.

**איזאבעללא** ניין מיין קינד מיין יאממער מאכט מיר גרינגער מיין שווער ביטטער הערץ ווען איך וויין מיך אוים ווערט מיר פיעל גרינגער איך ערקוויק מיך אלס איך דערמאן מיך אן מיין אונגליקליכען מאן אין אן מיין זיסען זאהן וועלכען איך אב ניט זוכה געווען צו ערציהען און דאס איז אויך דיא אורזאכע וואס מיך שלעפט אימממער אין אייער הויז. דוא קענסט זיך ניט פארשטעלען מיין טאכטער וויא טהייער דיין פאטער איז ביים מיר, ווייל ער איז עהנליך צו מיין גאטט זעליגען מאן און ער הייסט נאך דאצו גבריאל, וויא מיין פערלארענער זאהן האט געהייסען. וואו איז ער יעצט דיין ליעבער פאטער, ווארום זאמט ער זיך היינט אזוי?

**ערינה** איך בין אויך אונרוהיג דאפון. וואס ער זאמט זיך אזוי, נאר שא יעמאנד איז צו געפאהרען צו אונזער הויז דאס מוז זיין דער פאטער.

---

## צווייטער אויפטריט.

### פאָרינג — בעדינטער נאכהער — פעליקס.

**בעדינטער** נגעדינעם פריילין אייער גראָססּפאטער איז נעקאָמען (אב)

**ערינה** מיין גראָססּפאטער? אך וויא גליקליך איך בין.

**איזאבעללא** וואו וואהנט דיין גראָססּפאטער?

**ערינה** ער וואָהנט אין זיינס אגוט ניט וויים פון ליסאבאן שאן א יאהר האַ־בען מיר איהם ניט געזעהן איך בין ניט אים שטאנד פאָרצושטעלען וואס פאר א טהייערער מענש ער איז.

**איזאבעללא** איך פערשטעה אז קוים איז ער גבריאל'ס פאטער איז ער אָהנע צווייפעל א זעלטענער מאן (פעליקס קומט אריין).

**ערינה** (לויפט איהם ענטגעגען) פאטער זיסער ליעבער פאטער.

**פעליקס** (אומארעמט זיא) מיין קינד! מיין שעהנע ליעבע טאָכטער.

**איזאבעללא** (אין א זייט) דער מענש קומט מיר זעהר קענטליך פאָר.

**ערינה** אך וויא ווערט זיך דער פאטער פרייען אז ער וועט אייך דאָ טרעפען גוטער גראָססּפאטער

**פעליקס** וואו איז דער פאפא וואס מאכט ער.

**ערינה** עס איז גאָטט זייא דאנק רעכט געזונד

**איזאבעללא** (אין א זייט) מיין גאטט! דאס איז ער? איז דאס מעגליך?...... אָה ניין עס קען ניט זיין,

**פעליקס** (צו ערינה'ן) ווער איז דיא פרויא?

**ערינה** דאס אונזער נאכבארין און זעהר א גוטע פריינדין איזאבעללא דע־אדמאן.

**פעליקס** וואָס? וויא? איזאבעללא דע־אדמאן איז דאס ניט קיין חלום (בע־טראכטענד איזאבעללא'ן) יא דאס איז זיא.

**איזאבעללא** דאס איז ער, בייא מיר איז שוין נאָר קיין צווייפעל אז דאס איז ער (בעטראכט איהם ערשראָקען).

**פעליקס** (צו איזאבעללא'ן) וואס בעטראכט איהר מיך אזוי גוטע פרוי.

**איזאבעללא** (האלב וויינענד) מיין העררַ...... פערצייהעט מיר...... זאָגט זיינט איהר ניט דער גוטער ענגעל וועלכער......

**פעליקס** (לאבענד) וועלכער האָט אייך א מאָל גערעטעט פון א מערדערס



האנד, יא עדעלע איזאבעללא, איך בין דער נעהמליבער, וויא גליקליך איך בין וואס איך זעה אייך ווידער (ער גיט איהר דיא האנד) וואס זשע מאכט איהר?

**איזאבעללא** (ערגרייפט זיין האנד בעריהרט זיא מיט דיא ליפּפען וויינענד) מיין רעטער! מיין ענגעל! בין איך נאך אזוי גליקליך אייך מינדליך דאנקען צו קענען פאר אייער חסד וואס איהר האט געטאָהן מיט מיר צוריק מיט 35 יאהר און מיט מיין זאָהן (זיא וויינט זיך פאנאנדער).

**פעליקס** בערוהיגט אייך אונגליקליכע פרוי, וואס מאכט אייער זאָהן?

**איזאבעללא** (אלץ וויינענד) מיין זאָהן איז גאָטט זיין דאנק איין לייט, ער איז רייך און ארענטליך, און האט א גרויסען נאמען, נאר איך דארף אייך פרעגען......

**פעליקס** איך פערשטעה וואס איהר ווילט פרעגען, געוויס ווענען אייער צוויי־טען זאָהן.

**איזאבעללא** (ציטערענד) עדלער העהר! מיין גוטער ענגעל, זאָגט קען איך נאך האָפפען איהם צו זעהן, לעבט ער.

**פעליקס** יא, ער לעבט און ער איז זעהר גליקליך.

**איזאבעללא** (אויפהייבענד דיא הענד צום הימעל) גרויסער גאָטט איך ווייס ניט וויא איך זאל דיר דאנקען פאר דיא גרויסע גוטע חסדים וואס דוא האסט מיט מיר געטהאָן (צו פעליקס'ן) גאָטט זאָל אייך בע־לאָהנען פאר דער גוטער בשורה, מיין רעטער נאר זאָגט מיר וואו איז ער? וואו וואהנט ער?

**פעליקס** (לאבענד) איהר שטעהט לעבען טייך און פרעגט וואו איז וואססער איהר פיהלט דען ניט אז איהר זיינט יעצט בייא אייער זאָהן אין שטוב.

**איזאבעללא** (הערכסט איבערראשט) הא! (זיא קוקט אמאל אייף ערינה'ן און א מאָל אויף פעליקס'ן) הא! גבריאל על־מעדוזע איז......

**פעליקס** איז אייער זאָהן מאדאם (ער האַפּט איהר אן זיא זאל ניט פאלען) נאר זייט ניט אזוי איבעראשט, מוטהיגט זיך קרעפטיגט זיך.

**איזאבעללא** (פאלט אויף דיא קניע) נוא אצינד קען איך רוהיג שטארבען, איך בין דיינע חסדים ניט ווערטה גרויסער גאָטט.

**ערינה** וואס הער איך, דיא גוטע איזאבעללא איז מיין גראָססמוטער.

**פעליקס** (ווישט דיא אויגען) יאָ מיין קינד דאס איז דיין ווירקליכע גראָססמו־טער, אומארמע איהר ווייז איהר קינדערשע צערטליכקייט.

**ערינה** (פאלט איזאבעללא'ן אויף דעם האלז) מוטטער ליעבע מוטטער.

איזאבעללא (דריקט ערינה'ן צו איהר ברוסט וויינענד) טאכטער זיסע ליעבע טאָכטער מיינע (זייא קושען זיך איינינע מינוטען) וויא גליקליך בין איך מיין גבריאל'ס קינד אין מיינע הענד צו האלטען.

פעליקס (וועלכער שטעהט אן ווישט דיא אויגען) שא אָט גנעהט אייער זאָהן אויך ליעבע איזאבעללא.

איזאבעללא (שפרינגט אויף פון אָרט) זער נעהט! ער געהט! מיין גבריאל נעהט! אָה גאָטט גיעב מיר כח איך זאָל קענען אזא גליק איבערטראָגען.

פעליקס איהר זייט צו שטארק איבערראשט מאדאם, דאָס קען אייך שאַדען צום געזונד, קומט מיר וועלען אייך אריינפיהרען אין א בעזונדער צימטער וועט איהר זיך א ביסעל צושפארען און זיך בערוהיגען נאכהער וועט איהר זיך ערקענען מיט אייער זאָהן.

איזאבעללא ניין לאָזט מיך! מיין קינד מיין ליעבען זאָהן צו אומארמען.

פעליקס טוהט מיר צוליעב מאדאם און ווארט איינינע מינוטען ביז איהר וועט זיך בערוהיגען.

איזאבעללא איך מוז דאָך אייך צו ליעב טאָהן מיין טהייערער גוטער ענגעל (פעליקס מיט ערינה'ן פיהרען זיא ארויס אונטער דיא הענד.)

---

## דריטער אויפטריט.

### גבריאל — מענדעס.

מענדעס (הערייגקאָממענד) זעהסטו האסטו אצינד נעהאנדעלט וויא א העלד מען טאָהר אויף אזעלכע פערפלוכטע מענשען קיין רחמנות ניט האבען (גבריאל ענטפערט ניט און זעצט זיך בעזאָרגט אויף א שטול) וואס ביזטו אזוי פערזאָרגט גבריאל?

גבריאל איך מוז אייך זאָגען דיא וואהרהייט אז איך האב שטארק חרטה אויף דער גאנצער מעשה, וואָס האב איך געהאט צו דיא ארמע מענשען וואָס איך האב זייא אונגליקליך געמאכט, פאר וואָס קומס דאס זייא? וואס האבען זייא מיר געטאָהן?

מענדעס וואס זייא האבען דיר געטאָהן? חא, חא, חא! וואס הייסט דאס איז נאָך ווייניג וואָס דזאקווינה האָט דיך א שטויס געטאָהן או



דוא האסט שיעור דעם קאָפּף ניט צו בראָכען, און פאר וואָס? דערפאר וואס דוא האסט איהר צו געזאָגט אלע גליקען.

גבריאל אז איך וועל אָבער בארעכענען בין איך ווערטה געווען דעם שטויס איך האָב איהר פון דער שפיטצע דעס גליקעס אראָפּ געשליידערט דאמיט וואָס איך האָב איהר געוויזען פעדראָ'ס בריעף צו ערינה'ן, און וועהרענד זיא איז געשטאנען אין אזא פערצווייפעלטע לאגע האָב איך איהר מיין ליעבע ערקלעהרט.

מענדעס פערקעהרט זיא האָט איהר געדארפט דאנקבאר זיין דערפאר וואָס דוא האָסט דיא אויגען געעפענט זיא זאָל זעהן וואָס פאר א פאלשער מענש פעדראָ איז.

גבריאל מיר ווייסען דאָך אָבער אז ער איז איהר ניט פאלש איהר האָט דאָך מיר שוין ערצעהלט פאר וואָס ער האָט דעם בריעף געשריעבען.

מענדעס יא דאָס איז אלץ אמת, אבער זיא ווייסט דאָך דערפון ניט, זיא מיינט דאָך אז פעדראָ איז איהרווירקליך פאלש פאר וואָס זשע האט זיא דיך אזוי שלעכט בעהאנדעלט.

גבריאל וואָס האָב איך אָבער געהאט צו דעם אָרדענטליכען אדמאנ'ן, ער האט דאָך מיר געוויס קיין שלעכטס ניט געטאָהן, פאר וואָס האב איך איהם אויפ'ן פייער געבראכט.

מענדעס איהם איז גלאט א מצוה געווען אויפ'ן פייער צו ברייגגען דערפאר וואס ער איז א פערפלוכטער יוד.

גבריאל דאס זאָגט איהר מיר אזעלכע ווערטער מענדעס, מיר וואָס איך קען אייך און ווייס אז איהר זיינט ניט קיין יוד און ניט קריסט, מיר דערצעהלט איהר, אז עס איז איהם א יושר געווען אויפ'ן פייער צו ברייגגען דער פאר וואָס ער איז א יוד, היינט וואס קומט אייך שוין דער פאר וואס איהר האָט א ווייב מיט קינדער וועהרענד א קאטאהלישער פריסטער טאָהר קיין ווייב ניט האבען און וואָס קומט אייך דערפאר וואָס איהר ראבעוועט אונשולדיגע אָרדענטליכע מענשען?

מענדעס (צאָרניג) וויא איך זעה ווילסטו זיך מיט מיר קריעגען איך פערשטעה ניט וואָס ווילסטו עס איז דאָך שוין פערפאלען, אדמאן, פעדראָ מיט דזאקווינה'ן ליגען שוין אין אזא אָרט פון וועלכען דער טייפעל אליין וועט זייא פון דאָרט ניט ארויס שלעפּען.

גבריאל (זיפצענד) יא ליידער קען מען זייא שוין ניט העלפען, נאָך גוט וואָס

אדמאנ'ס מוטטער איז אין דער היים ניט נעוועזן וועהרענד מען האט זייא צוגע־
נומען דען; זיא וואלט אויך האבען דעם זעלבען סוף וואס איהרע אונגליקליכע
קינדער האבען געהאט, זיא מוז נאך נעבאך ניט וויסען וואס פאר א אונגליק
איך האב אויף איהר הויז געבראכט.

מ ע נ ד ע ס נוא זאל דיר שוין זיין גענוג צו קלאגען, נישט־קשה דוא דארפסט
קיין חרטה ניט האבען אויף דעם, דאס איז געווען א פערפלוכטע
פאמיליע, זיא וואלט אהן דיר אויך סוף כל סוף אריינגעפאלען צו דיא פריסטער
אין דיא הענד אריין, איך געה אצינד אוועק און וועל קומען מארגען צו דיר,
דען איך דארף נאך מיט דיר וועגען א וויכטיגע זאך רעדען, אדיע דערווייל. (אב)

---

## פירטער אויפטריט.

### ג ב ר י א ל.

ג ב ר י א ל (אליין) ארמער אונגליקליכער אדמאן וואס האב איך צו דיר געהאט,
ווארום האב איך דיר אזוי אונגליקליך געמאכט, דוא ביזט דאך מיר
געווען געטרייא מיט לייב און לעבען און האסט זיך אין מיר איינגעגלויבט וויא
אין א ברודער (פויזע) איך האב זעהר אונבעזאגען אונבערעכענט געהאנדעלט,
איך בין גאר קיין מענש ניט, און דאס קומט אלעס דאפון וואס איך הער
דעם הערצלאזען פריסטער מענדעס און פאלג איהם אלעס וואס ער הייסט מיר
ער וועט נאך ענדליך מיך אליין אויפ'ן פייער בריינגען.

---

## 5טער אויפטריט.

### ג ב ר י א ל — פ ע ל י ק ס.

ג ב ר י א ל (אלס ער זעהט פעליקס'ן לויפט איהם ענטקעגען) וואס זעה איך?
מיין פאטער! (ער אומארעמט איהם) פאטער ליעבער פאטער.

פ ע ל י ק ס (קושט איהם) וואס מאכטסו מיין ליעבער גבריאל, געלויבט איז גאט
וואס מיר זעהען זיך געזונד וויא געהט דאס דיר מיין זאהן?

ג ב ר י א ל געלויבט איז גאט מיר געהט זעהר גוט, אך וואס פאר איין אונער־
ווארטעטער גוטער גאסט ד׳א ביזט.



פ ע ל י ק ס יא איך ווייס אז דוא ביזט צופריעדען מיט מיין קומען ליעבער גבריאל
און דוא וועסט נאך מעהר צופריעדען זיין ווען דוא וועסט הערען דיא
וויכטיגע גוטע נייעס וואס איך האב דיר געבראכט.

ג ב ר י א ל וואס פאר א נייעס, זעטץ דיך ליעבער פאטער און ערצעהל מיך.

פ ע ל י ק ס (זיך זעצענד) איך האב צופעליגער ווייזע געפונען דיין מוטטער.

ג ב ר י א ל (העכסט ערשטוינט) מיין מוטטער?

פ ע ל י ק ס יא מיין קינד, דיינע מוטטער, דוא געדיינקסט דאך געוויס וואס איך
האב דיר ערצעהלט אז דיין פאטער איז געווען מיינער א לעהרער,
און ער איז אין זיינע בעסטע יאהרען געשטארבען דורך א זאנדערבארען צופאל,
נאך זיין טאדט האב איך דיר אלס איין איינען קינד ערצויגען, און דיינע מוטטער
מיט איהר צווייטען זאהן איז פערשוואונדען געווארען און איך האב ניט געוואוסט
וואו זייא זיינען אהינגעקומען.

ג ב ר י א ל יא דוא האסט דאס מיר ערצעהלט.

פ ע ל י ק ס נוא הייטע האב איך זיך מיט דיינער מוטטער בעגעגענט, זיא וואהנט
מיט דיין ברודער טאקע דא אין ליסאבאן.

ג ב ר י א ל דא אין ליסאבאן?

פ ע ל י ק ס יא דא אין ליסאבאן, אך ווען דוא זאלסט זעהן וויא ערפרייעט זיא
האט זיך אלס זיא האט ערפאהרען אז דוא לעבסט, וויפיל פריידען
טרערען זיא האט פערגאסען אויף דיין טאכטערס האלז.

ג ב ר י א ל זיא האט זיך שוין געזעהען מיט מיין טאכטער אויך?

פ ע ל י ק ס יא זיא האט זיך שוין געזעהן; מיט דיין טאכטער און צעהלט דיא
מינוטען זיא זאל דיך קענען צו איהר מוטטער הערץ צו דריקען.

ג ב ר י א ל איך בין אויסער זיך פאר פריידע, זאג דאך פאטער וואו איז זיא?

פ ע ל י ק ס זיא איז יעצט דא בייא דיר אין הויז.

ג ב ר י א ל איז דאס מעגליך בייא מיר אין הויז (ער שפרינגט אויף פון ארט).

פ ע ל י ק ס שטעה נאר זייא נישט אזוי איבערראשט, איך וועל זיא אריינפיהרען
אהער (ער געהט צו צום טהיר עפענט זיא) קומט אריין עדעלע
איזאבעללא.

ג ב ר י א ל (ערשראקען) וויא? איזאבעללא?

---

## 6טער אויפטריט.

### פארינע — איזאבעללא — ערינה.

**איזאבעללא** (לויפט אריין מיט אויסגעשפרייטע הענד) מיין זאהן! מיין קינד!

**גבריאל** (אין א זייט) מיין גאטט! איז דאס ניט קיין שרעקליכער חלום! (עס ציטערט איהם אלע גליעדער).

**איזאבעללא** (אומארעמט גבריאל'ן) מיין טהייער ליעב קינד (זיא וויינט זיך פאנאנדער אויף איהם, זיא קושט איהם) מיין נשמה? מיין לעבען! (גבריאל שטעהט וויא פון א דאנער געשלאגען און ריהרט ניט מיט קיין גליעד.)

**פעליקס** זייא ניט אויסער זיך ליעבער גבריאל.

**גבריאל** (ערוואכט זיך וויא פון א שטארקען שלאף, רייסט זיך אויס פון איהרע הענד) אה בעריהר מיך ניט מוטטער מיט דיינע הענד, איך בין ניט ווערטה דיינע מוטערליכע ליעבע און צערטליכקייט, איך בין א באנדיט, א מערדער.

**איזאבעללא** וועה איז מיר וואס רעדסטו מיין קינד?

**פעליקס — ערינה** וואס איז דאס פאר א ווערטער?

**גבריאל** (חאפט זיך פאר דעם קאפף) אה גאטט! שיק דיין דאנער און ערשלאג מיך (צו איזאבעללא'ן) מוטטער, אונגליקליכע מוטטער, אנשטאט דיין ליעבע שיק אויף מיר דיין מוטערליכע קללה שעלט מיך איך האב דיין פלוך פערדינט.

**איזאבעללא** (ערציטערט) וואס איז דאס מיט דיר (אה גאטט) קינד מיינס! איך וועל דיר ניט שעלטען, דוא מיט דיין ברודער זיינט בייא מיר טהייערער וויא מיינע צוויא אויגען אין קאפף.

**גבריאל** (וויינענד) מיט מיין ברודער (צו איזאבעללא'ן) מוטטער אונגליקליכע מוטטער, דוא האסט שוין ניט מעהר וויא איין אויג אין קאפף דיא צווייטע האב איך מערדער אויסגעשטאכען.

**איזאבעללא** וואס איז דאס פאר א ווערטער, פינסטער איז מיין וועלט.

**פעליקס** ערקלעהר דאך גבריאל וואס רעדסטו.

**גבריאל** מוטטער נעהם א מעססער און שיק איהם אריין אין מיין שלעכט הערץ, איך האב דיינע אלטע יאהרען פערביטערט, איך האב דיין



זאהן מיט זיינע קינדער צום טייפעל אין דיא הענד איבערגעגעבען, איך האב מיין ברודער אויפ'ן פייער געבראכט, גרויס איז דיין שטראפע ר··בענדער גאטט!

**איזאבעללא** (העכסט ערציטערט) מיר איז שלעכט מיר איז ניט גוט (צו גבריאל'ן) זאג געשווינד וואס האסטו געטאהן מיט מיינע קינדער.

**גבריאל** אה וויא שווער עס איז מיר דיר אזא נאכריכט צו ברייגנען, איך האב זייא דעם גראסס-אינקוויזיטאר אין דיא הענד איבערגעגעבען און האב ענדעקט אז זייא זיינען יודען.

**איזאבעללא** (פאלט אן קרעפטען אויף ערינה'ן) וועה איז מיר מיינע סינדער.

**פעליקס** דוא אונמענש וואס האסטו געטאהן.

**ערינה** גרויסער גאטט וואס פאר א אונגליק! (צו איזאבעללא'ן) מוטטער ליעבע מוטטער.

**גבריאל** יא איך בין א אונמענש, א מערדער, פערהאסט מיך אללע, שעלט מיך ערשלאגט מיך טוהט מיט מיר וואס איהר ווילט, (זיך קניענד פאר איזאבעללא'ן) מוטטער איך בין דער זינדיגסטער מענש אויף דער וועלט.

**איזאבעללא** (הייבט אויף דעם קאפף קוקט אויף גבריאל'ן מיט ווילדע בליקען) יא, דוא האסט מיין פלוך פערדיענט, אה איך שטארב און פאר מיין טויט מוז איך דיר מיין קללה שענקען טיראן, מערדער!

**ערינה** אה מוטטער שעלט איהם ניט, ער איז דאך אייער זאהן, מיין פאטער.

**איזאבעללא** ניין! ער איז ניט מעהר מיין זאהן, פארשאלטען זאל ווערען דער טאג אין וועלכען איך האב איהם געבאהרען, גאטט צארין זאל דיך נאך יאגען אויף דיין יעדען טריט פערפלוכטער מענש.

**גבריאל** (וויינענד) מוטטער!

**איזאבעללא** שטיל! פערביטער ניט מיינע לעצטע מינוטען, מיט דער ערינערונג אז דוא ביזט מיין זאהן, רוף מיך ניט מעהר מוטטער, ניין! איך בין ניט דיין מוטטער, איך בין דיין ערגסטע פיינדין, וועלכע נעהט יעצט פאר גאטט'ס ריכטער-שטול צו בעטען ער זאל פון דיר אונמענש ראכע נעהמען פאר מיינע ארענטליכע זיסע קינדער, איך וועל איהם בעטען ער זאל זייער ריין בלוט פון דיר פון דיינע הענד פארדערען, ניט מיט דיין נאטירליכען טויט זאלסטו שטארבען, דיין ענדע זאל זיין גרויזאם, און זאל דיענען אלס בייי שפיעל פאר דער וועלט, אללע זאלען אין דיין מפלה זעהן גאטט'ס האנד, גאטט'ס ראכע..... איך נעה אוועק פון דער פערפלוכטער וועלט...... איך נעה אהין וואהין

מיינע כשרה ליעבע קינדער נעהן...... אדיע הערר פעליקס! אדיע טאכטער מיינע, דיר זאָל גאָטט ניט רעכענען...... דיין פאטערס זינד...... גאָטטס שטראפע זאָל נאר...... איהם אליין טרעפען (זיא וויל אוועק נעהן) איך מוז זיין דאָרט וואו מיינע קינדער זיינען.

גבריאל (שפ־יננט אויף פון אָרט חאפט איהר האנד) ניין מוטטער איך וועל דיר ניט לאָזען נעהן צום טייפעל, דוא מוזט לעבען.

איזאבעלא (נימ איהם מיט אללע קרעפטען א שטויס פון זיך זאָ דאס ער פאלט א הינטער) אוועק דוא ניעדערטרעכטיגער פון מיינע אויגען, איך מוז נעהן צום טויט (זיא לויפט ווילד ארויס.)

גבריאל (פאלט פערצווייפעלט אויף דיא קניע). מוטער, מוטער, מוטער!

דער פאָרהאַנג פאלט.

# פינפטער אקט.

## אכטעס ביל ד.

(בייא גבריאל'ן אין הויז.)

### ערשטער אויפטריט.

גבריאל.

גבריאל (אליין זיצט שטארק פערזארגט אויף א שטול, ער ווייזט אויס בלאס מעלאנכאליש, דיא צייט וואָס ער זיצט שטיל נימ ער זיך אללע ווייר־לע א טרעססע ענדליך שטעהט ער אויף, מיט ווילדע בליקען קוקט ער אויף דעם פובליקום אין זאָגט מיט א געדעמפפטער שטיממע) היינט וועט מען זייא פאר־ברענען, יא היינט וועלען דיא גלאָקען פון אללע טהורמען זייער טויט ערקונדיגען און ווער האט דאָס פייער פון זייא אָנגעצונדען? איך! איך! אָה דוא מערדער!



דוא רוצח! וואס האסטו קיין רחמנות ניט געהאט אויף דיין אלטער מוטטער מיט איהר איינציגען זאָהן דיין צערטליכען ברודער, וויא האסטו קיין רחמנות ניט געהאט אויף דעם אונשולדיגען ריינעם הייליגען ענגעל דיא שעהנע דזאקווינה, דזאקווינה (וויינענד) דזאקווינה, פאר וואס האָב איך דיך אין אזא גרויזאמער לאגע געבראכט (פויזע) שאָ, דאכט זיך מען קלינגט ( הערט זיך צו) ניין מיר ווייזט זיך אלט אויס אז מען פיהרט זייא שוין צום שרעקליכען טויט, מיר קלינ־גען שוין דיא מאָראלישע טענער פון דיא פריסטער בייא דער פערברענונג (שטארק פערצווייפעלט) ך מערדער מערדער, (ער שלאָגט זיך מיט דיא פויסטען אין קאָפף) אין איין סעקונדע האסטו געקוילעט דרייא בראווע ארדענטליכע מענשען דיין גאנצע פאמיליע, דאָס האב איך אזוי בעצאהלט דער גוטער עלענדער איזאבעלא'ן פאר דיא מוטטערליכע ליעבע וואס זיא האט מיר ערצייגט נאך איידער זיא האָט ערפאהרען אז איך בין איהר זאָהן? דאס האב איך אזוי בע־לוינט מיין גוטען ברודער אדמאנ'ן פאר זיין אָפפענהערציגקייט און פאר זיין טרייהייט אָה גאָטט פערצייע דאָס מיר ניט, שטראָף מיך מיט דיא גרעססטע שרעקליכסטע יסורים, אזוי וויא מיינע מוטטער האָט מיך געשאָלטען דאָס וועט נאך אלץ וועניג זיין, דער גרויסער אקעאן וועט מיין זינד ניט אָפּשווענקען, שאָ, איך הער מען קלינגט, מען שרייעט, דוכט זיך דזאקווינה'ס שטיממע (ער הערט זיך איין) דאס מוז זיא שרייען פון גרויסע שמערצען אין דעם העלישען פייער (פויזע) ניין איך הער קיין שטיממע ניט, מיין קאָפף איז אזוי שוואך אז דאָס מינדסטע גערויש קלינגט אין מיינע אויערען וויא דאס ליארעם פון טויזענד גלאָ־קען, פערפלוכט זאל ווערען דער טיראן, דער יעזואיט מענדעס, נאָר ער האָט מיך דערצו געבראכט ער האט מיר געגעבען דעם חלף אין דיא הענד איך זאָל אָפּשניידען מיין ברודערס מיט זיינע קינדערס קעפף, ניין איך וועל ניט לאָזען מען זאָל זיי פערברענען, איך וועל לויפען זייא רעטטען (ער וויל לויפען און בלייבט שטעהן פערצווייפעלט) וואוהין וועל איך לויפען? וואס קען איך דאָ העלפען? זייא ליגען שוין צווישען טיגערנע ציין, זייא ליגען שוין בייא דעם טויט אין דיא הענד אָך מערדער, מערדער, מערדער! (מיט דיא ווערטער זיך האלטענד מיט ביידע הענד פאר דעם קאָפף לויפט ער ארויס אב.)

## צווייטער אויפטריט.

(מ ע נ ד ע ס נאָך איהם לויפט ע ר י נ ה וויינענד).

ע ר י נ ה ניין היילינער פאטער, איך וועל אייך ניט אבטרעטען, איהר מוזט חאָטש פעדראָ'ן רעטטען.

מ ע נ ד ע ס איך האָב דיר דאָך אבער געזאָגט, אז ער וועט נאָך היינט זיין פרייא איך האָב שוין געענדיגט מיט דעם גראָסס־אינקוויזיטאָר, ער האָט מיר געשוואָרען אז ער האָט שוין בעפאלען מען זאָל פעדראָ'ן בעפרייען

ע ר י נ ה אָה איך האָב מורא אז איהר זאָגט דאָס נאָר אום מיך צו בערוהיגען איך האָב מורא אז מען וועט איהם היינט אויף פערברענען.

מ ע נ ד ע ס זייא זשע ניט קיין קינד אז איך גיב דיר מיין עהרענווארט אז פעדראָ וועט נאָך היינט בעפרייעט ווערען מעגסטו מיר גלויבען איך וועל דיר אָבער זאָגען דיא וואהרהייט אז איך וויים ניט צו דוא וועסט עפּעס אויס־שפּילען, דוא וועסט שוין פעדראָ'ס ליעבע ניט קויפען, ער איז אזוי פערליעבט אין אדמאנ'ס טאָכטער אז ער וועט דוכט זיך אָהן איהר שוין ניט קענען לעבען.

ע ר י נ ה עס מעג זיין וואס עס וויל איך וויל אָבער ניט אז ער זאָל פארברענט ווערען.

מ ע נ ד ע ס נוא האָב איך דאָך דיר מיין וואָרט געגעבען אז ער וועט נאָך היינט בעפרייעט ווערען.

ע ר י נ ה וואו איז ער יעצט?

מ ע נ ד ע ס וואס הייסט וואו ער איז, ער זיצט גוט פערשלאָסען אין געפענגניס.

ע ר י נ ה צוזאמען מיט דזאקווינה'ן?

מ ע נ ד ע ס ביז אהער איז ער געזעסען נור מיט אדמאנען, דען דזאקווינה איז דאמאלס ווען מען האָט זיא געחאפּט, געפעהרליך קראנק געוואָרען דארום האָט מען זיא געהאלטען אין שפּיטאל, היינט אז זיא איז עטוואס בעסער געוואָרען האָט מען זיא אויך אוועק געפיהרט צום פאטער אין געפענגניס.

ע ר י נ ה און וואָס מאכט מיין גראָססמוטטער איזאבעללא?

מ ע נ ד ע ס דיא אלטע איזאבעללא איז גליקליכער ווייזע בעפרייעט געוואָרען פון איהר געפענגניס זיא איז אין איהר קערקער געשטאָרבען.

ע ר י נ ה זיא איז געשטאָרבען? (וויינענד) אונגליקליכע מוטער (זיא ווישט דיא ארינען און וויינט איינינע מינוטען) פיעלייכט קענט איהר נאָך היילינער פאָטער עפּעס טאָהן א טובה אדמאנ'ן מיט זיין טאָכטער אויך.



מ ע נ ד ע ס (צאָרניג) וואָס?

ע ר י נ ה איך בעט אייך היילינער פאטער פיעלייכט קענט איהר דיא צווייא אונגליקליכע רעטטען פון טויט, רעטטעט זייא, זייא זיינען דאָך אונזערע איינענע מענשען.

מ ע נ ד ע ס דוא ווילסט איך זאָל רעטען דזאקווינה'ן וואס זיא האט דיין געליעבטען צוגענומען;

ע ר י נ ה וואס איז זיא שולדיג אז זיא האט פעדרא'ן אויך אזוי ליעב וויא איך, זיא איז דען דאמיט אויס געווען צו טהאָן מיר שלעכטס, גלויבט מיר אז דאָס הערץ רייסט מיך ווען איך דערמאָן זיך אז זיא אזא יונגע בלום דארף אָבגעפּליקט ווערן פון לעבענס־בוים אין איהר שענסטער בליטהעצייט.

מ ע נ ד ע ס (צאָרניג) ניין, איך קען זייא ניט רעטען איך וויל זייא ניט רעטען, גענוג איז פאר מיר וואס איך האב דאָס לעבען געליינט אום פעדראָ'ן צו בעפרייען (מען הערט גבריאל'ס שטיממע: ערינה קום אהער) גיה דוכט זיך מען רופט דיך, זאָג דעם פאטער ער זאָל אריינקומען אהער, איך דארף איהם נעטהיג האבען (ערינה אב)

---

## דריטער אויפטריט.

### מ ע נ ד ע ס

מ ע נ ד ע ס (אליין) דער גבריאל מיט זיין טאָכטער זיינען איין אונגליק אויף מיר, זייא פערדולען מיר גאנצע טעג דעם קאָפּף מיט פּוסטע זאַכען מיט דומהייט וואָס ברענגען מיר איין פעניג ניט איין, וויא ווערט מען דאָ פון זיי פּטור, צום אונגליק ווייסען זייא פון מיר א סך שלעכטס דורך וועלכע זייא קענען מיך אויף דעם פייער ארויף בריינגען, זאָ דאס איך ציטער א שלעכט וואָרט זייא צו זאָגען, און מוז זייא נאכגעבען וויא א מוטטער איהרע קליינע קינדער, מען דארף חלעבען עפּעס אויס זוכען א מיטעל פון זייא בעפרייעט צו ווערן נאָר וואָס פאר א מיטטעל זוכט מען דאָ אויס? (ער געהט ארום פערטראכט איבער דעם צימער) צום אונגליק האב איך ניט מיט וואָס גבריאל'ן צו שרעקען ווער זאָל פאר מיר מורא האבען, אזוי וויא איך פאר איהם, ער וויא אויך ערינה ווייסען דערפון וואס איך האָב דרייא פאמיליען אומזאָנסט בעשולדיגט אז זייא זיינען יודען אום פון זייא געלד צו שעפּען, און אז זייא האבען מיר ניט געוואָלט

נעבען וויפיל איך האב פון זייא פערלאננט האב איך זייא אין פייער נעוואָרפען ער וויס אויך דאפון דאס איך האב קינדער אין ליסאבאן, ער קען מיך נאך אמאָל דורך דיא נעהיימניסע אין טיעפען אבגרונד ווארפען שלעכט, מען דארף מאכען מיט זייא אויך א סוף (ער טראַכט) הא? דאס איז אפשר א פּלאן, דאָס איז שוין איבעראל בעקאנט אז ווען איין גליעד פון איין פאמיליע איז בעשולדיגט אין יודאיזמוס זאָ פאלט שוין דער חשד אויף אלע גליעדער פון דער פאמיליע, אדמאן איז דאָך גבריאל'ס א ברודער, איך קען דאָס ריכטיג בעווייזען, היינט אז אדמאן מיט זיין מוטטער מיט זיין טאָכטער זיינען יודען איז דאָך דער חשד אויף גבריאל'ן אויך, יאָ! דאָס איז זעהר א קלוגער איינפאל איך וועל אזוי טאָהן (ער טראכט) איך מוז גבריאל'ן מיט זיין טאָכטער אויך שיקען אהין וואָהין אד־מאן מיט זיין טאָכטער וועלען היינט געהן.

---

## פירטער אויפטריט.

מענדעס — גבריאל (קומט אריין ווילד דיא האָר צו ווארפען דיא קליידער היינגען אויף איהם).

מענדעס (אין א זייט) וויא שרעקליך ער זעהט אויס (צו גבריאל'ן) וואס פעהלט דיר גבריאל וויא איך זעה ביזטו קראנק.

גבריאל מען האט זייא שוין פערברענט?

מענדעס וואס איז דאָס פאר א פראגע דוכט זיך אז א פייער אָפּפער נעהט ניט אזוי שטיל צו, אללע גלאָקען וואָלטען געקלונגען.

גבריאל דוא הערסט דען ניט וויא דיא גלאָקען קלינגען.

מענדעס וואָס רעדסטו וואו הערסטו קלינגען.

גבריאל אזוי עס קלינגט ניט, אבי מיר ווייזט א גאנצען טאָג אויס אז עס קלינגט, ווער זשע האט דאָס ניט לאנג געשריען און געיאמערט?

מענדעס דוא ביסט יעצט אויפגעשטאנען פון שלאָף צו דוא שלאָפסט אצינד אויך, איך פערשטעה דיך נאָר ניט ווער שרייט ווער וויינט?

גבריאל (חאפט איהם פאר דער האנד) שא! הער זיך נאר איין דוא הערסט נאָר ניט?

מענדעס (הערט זיך איין) ניין איך הער גאָר ניט.

גבריאל דוכט זיך אימיצער וויינט.



ניין איך הער נאָר ניט קיינער וויינט ניט.

אל איך וויס נאָר ניט וואס דאָס בעדייט, מיר ווייזט זיך נאָר אויס אז מען קלינגט און מען וויינט.

מענדעס דוא ווייסט גבריאל, איך וועל דיר דערצעהלען א נייעס.

גבריאל וואס פאר א נייעס מען וועט זייא באלד פערברענען?

מענדעס דאס איז ניט קיין נייעס.

גבריאל זאָג זשע שוין וואס פאר א נייעס?

מענדעס צוליעב דיין טאכטער וועט מען פעדראָ'ן בעפרייען פון טויט.

גבריאל וויא אזוי וועט מען איהם בעפרייען?

מענדעס זעהר איינפאך, איך האָב צוגעזאָגט דעם גראָסס־אינקוויזיטאָר א גרויסע סוממע און ער האָט מיך פערשפראָכען איהם היינט צו בעפרייען.

גבריאל אזוי מען וועט איהם בעפרייען, נאָר שא דוכט זיך מען קלינגט (מען הערט טאקע קלינגען).

מענדעס זעהסטו אצינד הער איך אויך קלינגען מען פיהרט זייא שוין פערברענען.

גבריאל (שפרינגט אָפּ איינינע טריט א הינטער) מען פיהרט זייא שוין פער־ברענען (ער שטעהט נעגען מענדעס'ן און קוקט אויף איהם בעוועגט מיט ווילדע בליקען און פלוצים פאנגט ער אָן ווילד צו לאכען.)

מענדעס (אין א זייט) וועה איז מיר, איך הייב אָן פאר איהם מורא צו האָ־בען ער ווייזט אויס וויא וואהנזיניג.

גבריאל (ניט פלוצים א שפרונג אויף מענדעס'ן פאנגט איהם אָן צו שטיקען און שרייעט) מען קלינגט, מען שרייעט, מען יאמערט.

מענדעס (מיט א פערשטיקטען קול) אָה לאָז מיך אָפּ, דוא וועסט מיך דער־שטיקען, ראטעוועט!

גבריאל (שטיקט איהם נאָך מעהר און שרייעט) רעטעט (גבריאל שטיקט איהם אלץ און שרייעט אויך) (אויף דעם געשרייא לויפט אריין ערינה.)

## פערוואנדלונג.

---

# נ יי נ ט ע ס  ב י ל ד.

(אין קערקער)

---

## ערשטער אויפטריט.

**א ד מ א ן — ד ז א ק ו ו י נ ה.** (ביידע ליגען אויף דער ערד און שלאפען פ ע ד ר א קוקט אויף זייא).

**פ ע ד ר א** שלאפט זאנפט מיינע ליעבע! איהר האט נאך ווייניג צייט צו געניסען דעם זיסען שלאף פון דעם לעבען, דען באלד ווערט מען אייך פערטרייבען אין דער עווינער וויענ און איהר ווערט אנטשלאפען ווערן מיט דעם עווינען שלאף, פון וועלכען איהר ווערט שוין קיינמאל ניט ערוואכען, אה גאטט! ביז וואנען וועלען מיר דארפען שפיעלען קינסטליך אונזערע ראללען, דאס בעהאנדעלסטו אונז אזוי דערפאר וואס מיר שטעלען בעשטענדיג איין אונזער לעבען פאר דיין היילינער אמונה? דאס איז אונזער לאהן פאר אונזער טרייהייט און ערגעבענהייט צו דיר? דוא קוקסט צו וויא מען מוטשעט וויא מען קוועלט דיין פאלק ישראל און שווייגסט? אה ארמער אונגליקליכער יוד! ביז וויא לאנג וועסטו ארומבלאנ־זען וויא א עלענדער יתום אין דער גרויסער ברייטער וועלט און קיינער ווערט אויף דיר רחמנות ניט האבען, עס איז שוין דוכט זיך צייט מען זאל דיך פאר א מענשען ערקענען און מען זאל דיך עהרען דערפאר וואס דוא ביזט געוועזען דער ערשטער וואס האט אין דעם איינציגען וואהרען גאטט געגלויבט, אונגליקליכער יתום, ביז וואנען וועסטו וויינען און שרייען איך בין א יתום מיין טאטע איז ניטא. — (ער זינגט)

.1

עס בלאנדזעט ארום א מענש אויף דער וועלט
ער געהט פון לאנד צו לאנד
ער ליידעט נעבאך שטענדיג הונגער און קעלט
און איז צו שפאט און צו שאנד.
קיינער האט מיט איהם קיין מיטלייד ניט
קיינער האט איהם ניט ליעב



מען דריקט איהם, מען שטיקט איהם אויף יעדען טריט
מען לאזט איהם ניט אין קיין שטוב.
ווער ביזטו עלענדער? פרעגט מען איהם
פאר וואס האסטו קיין בערוהטע שעה
ער ענטפערט נעבאך מיט א וויינענדער שטים
איך בין א יתום מיין פאטער איז ניטא.

.2

ניט אלע מאל בין איך עלענד געוועזען
ניט שטענדיג האב איך אונגליק געפיהלט
מיט א סך יאהר צוריק ווען איהר זאלט מיך זעהן
וואס פאר א ראלע איך האב געשפיעלט.
מיין פאטער האט מיך צערטליך געליעבט
אין גאלד האט ער מיך בעקליידט.
ווען יעמאנד האט מיך נאר בעטריעבט
איז זיין שטראף געוועזען דער טויט
וויא א שעהנע בלום האב איך געבליהט
איך האב ניט געהאט קיין שלעכטע שעה
היינט פערגיסט מען וויא וואססער מיין בלוט
וייל איך בין א יתום מיין פאטער איז ניטא.

.3

וועהרענד דיא וועלט איז נאך געוועזען בלינד
אללע זיינען אין דער פינסטער געזעסען
וועהרענד מען האט צו אקסען געדיענט
און איינער האט דעם צווייטען געגעסען,
בין איך שוין דאמאלס העכסט קלוג געוועזען
און האב געוואוסט פון דעם גרויסען גאטט
וועלכער פיהרט דיא וועלט גאנץ אליין
און שאפט איבער לעבען און טאדט
איך האב אללעמען צו פערשטעהן געגעבען
פון דעם וואס הערשט אין הימעל און דא,
יעצט פארוויסטען מיר מיינע שיללער מיין לעבען
ווייל איך בין א יתום מיין פאטער איז ניטא.

.4

האט רחמנות מענשען האָט מיטלייד מיט מיר
נענונג שוין צו טרינקען מיין בלוט
עפענט שוין אויף פאר מיר דיא טהיר
לאָזט מיך אין שטוב, פלאָגט מיך ניט
בעטראכט זיך נאָר מיט א ריינעם פערשטאנד
ווארום טרייבט איהר מיך פון זיך אוועק
שטרעקט מיר אויס פריינדליך דיא האנד
און מאכט צו מיינע צרות איין עק
איך וויל ארבייטען פערדיענען מיין ברויט
לאָזט מיך חאָטש האָבען איין גוטע שעה
האָט רחמנות איך בין שוין האלב טויט
אָה! איך בין א יתום מיין פאטער איז ניטאָ.

**דזאקווינה** (זעצט זיך אויף קוקט זיך אום, זיא ניט א קוק א מאָל אויף אדמאנ'ן און אמאָל אויף פעדראָ'ן און פרעגט פערוואונדערט) פאטער וואו זיינען מיר?

**אדמאן** (וויינענד) אין געפענגניס טאָכטער מיינע, בייא דיא תלונים אין דיא הענד.

**דזאקווינה** (פערוואונדערט) אין געפענגניס? בייא דיא תליונים אין דיא הענד? וויא קומען מיר אהער?

**אדמאן** (אלץ וויינענד) אונזער אונגליק האָט אונז אהער געבראכט.

**דזאקווינה** (זיך בעזינענד) אהא איך הייב מיך אָן צו דערמאָנען, דאס האט אונז דוכט זיך גבריאל על־ מעדזועע גימסר'ט.

**אדמאן** יא דער שלעכטער מענש האט אונז אויף דעם פייער געבראכט.

**דזאקווינה** וואָס זשע וויינסטו ליעבער פאטער (זיא ערגרייפט דעם פאטערס הענד) האסטו מיר ניט פיעל מאָל געזאָגט אז דוא ביזט פער־טיג יעדע מינוט צו שטערבען פאר אונזער הייליגער אמונה.

**אדמאן** איך וויין ניט אויף מיין אונגליק טאָכטער, אויף דיין אונגליק וויין איך דער געדאנק אז דוא מיין זיססע ליעבע טאָכטער מוזט ענדען דיין לעבען אויף דעם פייער דער געדאנק פארביטערט דיא לעצטע מינוטען פון מיין לעבען.

**דזאקווינה** פאר מיר ליעבער פאטער זאָרג ניט וויסטו דען ניט אז איך בין נענונג מוטהיג, נענונג שטאָלץ צו געהן גענען דעם טויט האָב



איך דיר פיעל מאָל ניט געזאָגט אז מיט דער גרעסטער פרייד בין איך פערטיג צו אָפּפערען מיין לעבען אויף דעם אלטאר פון מיין אמונה.

**אדמאן** מיר רייסט אָבער דאָס הערץ אז איך דערמאָן מיך אז דוא מוזט שטארבען אין דיינע בעסטע יונגע יאהרען, דוא האסט זיך נאָך ניט זאַט אָנגעקוקט אויף דיא זאָנענשטראַלען דוא האסט נאָך גאָר דער ליכטיגער וועלט ניט געזעהן און מוזט שוין אין פינסטערן גראָב זינקען, איך וויין נאָר צו ליעב דעם וויל איך האָב דיך דאצו געבראכט, איך, נאָר איך מיט מיינע נאַ־רישקייט אָה איך אליין האָב אויסגעגראָבען א קבר פאר דיר מיין טאָכטער דאמיט וואָס איך האָב אויס געזאָגט גבריאל'ן אז איך און מיין פאמיליע זיינען יודען.

**דזאקווינה** ניין פאטער דוא ביזט דאָ גאָר ניט שולדיג, איך האָב דיא בלר טיגע חתונה אויף געשפיעלט, איך האָב געוואָלט ארייגפאלען צו אונזערע שונאים אין דיא הענד, אָה! איך האָב גאָר ניט בערעכענט אז איך וועל דיך אויך נאָך שלעפּען אהין.

**אדמאן** פארוואָס טאָכטער מיינע, פארוואָס האָסטו געוואָלט צו אונזערע שונאים ארייגפאלען?

**דזאקווינה** (ציינענד אויף פעדראָ'ן) אָט דער שלעכטער מענש האָט מיך דאצו געבראכט.

**פעדראָ** (ערשראָקען) הא! איך! איך האב דיר דאצו געבראכט?!

**דזאקווינה** (צאָרניג) יא דורך דיין פאלשקייט נעגען מיר האסטו מיר דאָס לעבען צו לאסט געמאכט.

**אדמאן** וואס רעדסטו טאָכטער מיט וואָס איז דיר פעדראָ פאלש געוועזן?

**פעדראָ** איך פערשטעה דיר גאָר ניט מיט וואָס בין איך דיר פאלש געוועזן.

**דזאקווינה** דוא וואגסט נאָך פאר דיין טויט זאָגען פאלש, אצינד וועט דיר דאס מאסקירען גאָר ניט העלפען.

**פעדראָ** אבער אום גאָטטעס ווילען, זאָג מיר מיט וואָס בין איך דיר פאלש געוועזן?

**דזאקווינה** דוא מאכסט זיך נאָך אלץ ניט פערשטעהענד, דוא האָסט ניט געשריעבען א בריעף צו גבריאל'ס טאָכטער אז דוא האָסט זיא ליעב, האסט דאָרטען ניט געבעטען איהר האנד?

**פעדראָ** יא ריכטיג איך האָב אזא בריעף געשריעבען.

דזאקווינה און דוא וואנסט זיך נאך זאגען אז דוא ביזט מיר ניט פאלש געווען.

פעדרא ניין דזאקווינה איך שווער דיר פאר דעם גאטט פאר וועלכען מיין נשמה וועט באלד שטעהן אבגעבען דין און חשבון אויף אללעס וואס איך האב אין מיין קורצען לעבען געטהאן, אז איך בין דיר ניט פאלש געווען, דעם בריעף האב איך נאר געשריעבען מיט דעם געדאנק דיך מיט דיין פאטער פון אונגליק צו פערהיטען.

דזאקווינה (ערשטוינט) איך פערשטעה דיך ניט.

פעדרא יא ליעבע דזאקווינה, איך האב דעם בריעף געמוזט שרייבען, דען דער פערפלוכטער מענדעס האט מיך דאצו געצוואונגען, ווען איך זאל דעם בריעף ניט געווען שרייבען, וואלט ער אונז באלד אין געפעננגיס געווארפען.

דזאקווינה זאל איך דאס גלויבען אז דוא האסט מיך אלץ ליעב?

פעדרא מיין ליעבע צו דיר איז אזוי שטארק וויא דער טויט וועלכער וועט אויף אונז באלד קוממען.

דזאקווינה (העכסט ערפרייעט) איז אונזער ליעבע נאך אזוי שטארק וויא פריהער (פאלענד פעדרא'ן אום דעם האלז) איך דאנק דיר מיין פריינד וואס דוא האסט מיר מיינע לעצטע מינוטען פארזיסט, יעצט וועל איך רוהיג שטארבען, מיך קריינקט נאר דער געדאנק אז דוא מיין ליעבער פעדרא דוא מוזט אויך שטארבען מיט אונז צוזאמען.

פעדרא דוא רעכענסט מיך וויא איך זעה פאר א אראקטערלאזען מענשען, דוא גלויבסט אז איך וואלט געקענט לעבען וועהרענד דוא געהסט צום טויט, ניין ליעבע דזאקווינה, אהן דיר קען איך איין מינוט ניט לעבען, איך האב שטענדיג בייא זיך בעשלאסען איך זאל מיט דיר לעבען אדער שטארבען.

דזאקווינה אך וויא נאריש און דום איך בין געווען, דאמיט וואס איך האב געגלויבט אז דוא מיין ליעבער פעדרא בי.ט געהיג צו זיין פאלש פערצייהע מיר אויף דעם וואס איך האב אזא שלעכטע מיינונג געהאט ועגען דיר (פאלענד אדמאנ'ן אויף דעם האלז) און דוא ליעבער פאטער פערצייהע מיך וואס איך האב דורך מיין לייכטזיננינקייט דיך אויף דעם עלטער צו אזא גרויזאמער לאגע געבראכט נאר ניין איך בין דיין פערצייהונג פאטער ניט ווערטה.

אדמאן (קושט זיא) טאכטער מיינע ניט דוא ביזט שולדיג אין מיין אונגליק אהן גאטטעס ווילען מהוט זיך קיין זאך ניט מסתמא האט גאטט אזוי געוואלט, גאטט האט אונז נשמות געגעבען, און ער וויל זייא אצינד צוריק נעהמען



(אויפהייבענד דיא הענד געגען דעם היממעל) ד' נתן ד' לקח יהי שם ד' מבורך.

דזאקווינה פאטער וואו איז דיא גראססמוטטער?

אדמאן גאטט האט שוין איהר נשמה צוגענומען.

דזאקווינה זיא איז געשטארבען?

אדמאן (וויינענד) יא טאכטער מיינע זיא איז געשטארבען זיא האט מיר פאר איהר טויט א שרעקלי ע געהיימניס פערטרויט.

דזאקווי וואס פאר א געהיימניס?

אדמאן דאס וועט דיר אונגלויבליך פארקומען, זיא האט מיר פערטרויט אז אונזער מערדער גבריאל איז איהר אייגענער זאהן.

דזאקווינה הא? גבריאל על-מעדזוע איז איהר זאהן, דיין ברודער?!

אדמאן יא טאכטער מיינע, זיא האט דאס ריכטיג ערפאהרען, און דער געדאנק אז איהר זאהן האט זיא מיט איהרע קינדער צום טויט געבראכט דער געדאנק האט איהר אין גרוב געטריבען.

דזאקווינה דאס איז ווירקליך שרעקליך!

פעדרא דאס קומט טאקע אונגלויבליך פאר.

אדמאן מסתמא אז מיין מוטטער האט דאס מיר געזאגט איז דאס ריכטיג.

---

## צווייטער אויפטריט.

(פארינג — דער וועכטער פון געפעננגיס).

דער וועכטער דער הייליגער גראסס-אינקוויזיטאר מיט דיא איבריגע פריסטער וועלען באלד צו אייך קומען אונד אייער אורטהייל פאר צו לעזען (אב.)

אדמאן (צו פעדרא'ן מיט דזאקווינה'ן) ליעבע קינדער אונזער לעצטע שטונדע איז געקוממען לאמיר חאטש אפזאגען ווידוי פאר דעם גרויסען יודישען גאטט.

אדמאן (אליי) מיר האבען געזינדיגט גאטט געגען דיר
האב מיטלייד פערגיעב אונזערע זינד
מיר שטעהען שוין יעצט ביי דער עווינער טהיר
פאר דיין משפט וועלען מיר שטעהן געשווינד.

מיר טרעטען אריין אין דיא עווינע וועגען
און מוזען זיך באלד פון דער וועלט שיידען
שיק אונז גוטע מלאכים ענטגעגען
זייא זאָלען אונז פיהרען אין גן עדן.

**אלכע דרייא** אָה היממלישער פאטער האָב רחמנות
עפען פאר אונז אויף דיא גן עדן טהיר
עמפפאנג מיט חסד אונזערע נשמות
מיר אָפּפערען זייא יעצט צוליעב דיר.

---

## דריטער אויפטריט.

(**פאָרינע—גראָסס־אינקוויזיטאָר** מיט דיא איבעריגע פריסטער.)

**גראָסס־אינקוויזיטאָר** אים נאמען פון אונזער היילינער רעליגיאָן בין איך אייך געקומען זאָגען יודען, אז ניט מעהר וויא אין איין שטונדע ארום ווערט איהר פערברענט, ווען איהר וועט מיט'ן גאנ־צען הערצען ניט איבערגעהן אונטער דיא פלינעל פון דער הייליגער קריסטליכער רעליגיאָן.

**אדמאן** און איך ענטפער אייך אין דעם נאמען פון מיינע קינדער אז אין דער רעליגיאָן וואָס מיר האבען געלעבט מוזען מיר שטארבען.

**פעדראָ — דזאקווינה** (אין איין שטיממע) מיר זיינען געוועזען יודען און מיר וועלען שטארבען יודען.

**גראָסס־אינקוויזיטאָר** (צו פעדראָ'ן) דוא יונגער מאנן דוא האסט א גרויסע זינד בעגאַנגען, איך האָב שוין ריכטינ ערפאהרען אז דוא ביזט א וואהרער קריסט, נאר א פאַלשע איינבילדונג האט דיך פערפיהרט, דיין ליעבע צו דער יודישעס מעדכען האָט דיך געצוואונגען דאצו דוא זאָלסט זאָגען אז דוא ביסט א יוד כדי דוא זאָלסט צוזאממען מיט איהר שטארבען, דאס איז פון דיינער זייטע זעהר אונרעכט, נאָר דיא הייליגע פריסטער האָבען ערקלעהרט אז דיא צייט וועט דיין זינד אָפּמעקען, דיא צייט וועט דיר דיא אויגען עפענען זאָלסט זעהן אז דוא ביזט א נאר, דארום האָט מען דיר פיר אונשולדינ ערקלעהרט און מען האָט דיך אויסגעשלאָסען פון דיא פעראורטהיילטע דוא ביזט פרייא.



**פעדראָ** (ערשראָקען) ווער האָט דאָס אייך געזאָגט אזא ליגען, ניין איך האָב געזאָגט און זאָג יעצט אויך, אז איך בין שטענדיג געוועזען א יוד און בין אצינד אויך א יוד.

**גראָסס־אינקוויזיטאָר** נור דער טייפעל רעדט אויס דיר.

**פעדראָ** דער טייפעל זייט איהר זעלבסט, דען נור דער טייפעל קען זיך ערלוי־בען אונשולדיגע מענשען זאָ אונערבארמליך צו מארטערן איך וויעדער־האָלע מיינע ווארטען דאָס איך בין איממער יודע געוועזען און אלס יודע וויל איך שטערבען.

**גראָסס־אינקוויזיטאָר** טרייבט איהם ארויס פון דאנען (סאָלדאטען שלעפען פעדראָ'ן צום טהיר).

**פעדראָ** דיא טויערן פונ'ם טויט וועסט דוא פון מיר ניט פערשליסען, צוזא־מען מיט דיעזע לייטע וועל איך פערלאססען דיא שלעכטע וועלט אין וועלכע זאָלכע מערדער וויא דוא ביזט בעפינדען זיך. (אב)

**גראָסס־אינקוויזיטאָר** (צו אדמאן) נוא אונגליקליכער, דוא האסט נאך צייט זיך און דיינע טאָכטער צו רעטען.

**אדמאן** דיין רעטונג איז מיר ביטערער אלס דער טויט, איך בין פעסט ענט־שלאָסען צו שטערבען.

**גראָסס־אינקוויזיטאָר** גוט, זאָ זאָל זיך דיין זינדיגע זעעלע אין דיא פלאמען אויסלייטערן.

**אדמאן** דוא האָסט מיטלייד מיט מיין זעעלע, דוא ווילסט זיא זאָל זיך אויס־לייטערן, אָה איהר טיראנען! איהר מענשען־פרעסער! ביז וויא לאנג וועט איהר אייערע מאָרדטאטהען פערדעקען מיט א פרומער מאסקע זאָגט אָפען דאס איהר ווילט אונז פערברענען דערפאר וואָס איהר האָט פערגניגען צו זעהן בלוט און האָט ליעב צו הערען דאס געשרייא פון דיא ליידענדע, אָבער איך האָפפע דאס מיין אויסגעלייטערטע זעעלע וועט זעהן דאָרט אין היממעל וויא אייערע זינדיגע זעעלען וועלען זיך קיין מאָל אויסלייטערן, קום מיין טאָכטער לאָמיר צייגען דיעזע באנדיטען דאָס קיין זאך אין דער וועלט קען אונז ניט אב־רייסען פון אונזער הייליגע רעליגיאָן.

**גראָסס־אינקוויזיטאָר** שלעפט זייא צום אויטא דע פע (סאלדאטען פיהרען ארויס אדמאן מיט דזאקווינה.)

---

## צעהנטעס בילד.

(דאס אוטא דע פע א גרויסער פלאץ פאר א קירכע מען זעהט א עשאפאט וואו מען פערברענט פערברעכער פון איהם נעהט א רויך דיא גלאקען פון דער קירכע קלינגען. פריסטער אין זייערע היילינע קליידער, מיליטער, פאלק. מען פיהרט אריין אדמאן מיט דזאקווינה. דיא פריסטער זינגען א הימנע.)

גראסס־אינקוויזיטאר (צו אדמאן) צום לעצטען מאל זאג איך דיר דאס דוא קענסט זיך פון טויט רעטען ווען דוא ווערסט א פרומער קריסט ווערען.

אדמאן — דזאקווינה ניין מיר ווילען שטערבען יודען.

גראסס־אינקוויזיטאר שלעפט זייא אין פייער.

אדמאן ערלויבט דאך מיר זיך געזעגנען מיט מיין טאכטער בעפאר מיר שטערבען.

גראסס־אינקוויזיטאר דאס איז דיר ערלויבט.

אדמאן (אומארעמט און קוסט זיין טאכטער) נעה טאכטער מיינע ניעב צוריק אב דינע זעעלע דעם ווער עס האט זא דיר געגעבען בעט איהם דאביא ער זאל ראכע נעהמען פאר דיין יונג פערגאסען בלוט.

דזאקווינה (קושט איהם) מיין גוטער ליעבער פאטער, גאטט וועט געוויס פאר אונזער בלוט ניט שווייגען, מיט פריידע נעה איך יעצט נעגען דעם טויט, ווייל איך וויים דאס איך אפפערע מיך אויף פאר דעם נאמ פון איזראעל.

גראסס־אינקוויזטאר עס איז שוין צייט (דאס פייער אויפ'ן עשאפאט פערגרעסערט זיך פלאמען לאדערן אויף.)

אינקוויזיציאנס דינער (נעהמען אדמאנ'ן אונטער דיא הענד) קום פערפלוכטער יודע (ווארפען איהם אין פייער.)

דזאקווינה פאטער איך קום נאך דיר (שפרינגט אריין אין פייער) שמע ישראל ה'' אלהינו ה'' אחד!

פעדרא'ס שטימע אויך איך קום נאך אייך (פליהט אריין) ברוך ה'' אלהי ישראל (שפרינגט אויך אין פייער.)

דער פארהאנג פאלט.

## ענדע.

# א טהעאטער אין הויז

עדער איינער וועט יעצט דיא מעגליכקייט האבען צו לעזען דיא בעריהמטעסטע אידישע טהעאטער שטיקע אין בוך־פארם, פיעסען פיר וועלכע עס זיינען בעצאהלט געווארען טויזענדע דאללארס יועט יעצט יעדער איינער קענען קויפען פיר

## בלויז 10 סענט

יעדע טהעאטער שטיק ענטהאלטעט אלעס וואס ווערט געשפראכען און געזונגען אויף דער ביהנע מיט אלע איינצעלנהייטען. וויא דאס שטיק ווערט אויפגעפיהרט און צוזאמענגעשטעלט. ווען איהר לעזט דיעזע טהעאטער שטיקע אין בוך־פארם דוכט זיך אייך אז איהר זיצט אין טהעאטער און לעבעדיגע פערזאנען ריידען פאר אייך. דיעזע דראמאטישע ווערקע, אבוואהל זיי זיינען שוין געשפיעלט געווארען פון דעסטוועגען זיינען זיי אזוי גוט און נאך בעסער וויא ניי, ווייל הערען אליין איז נאך ווענינ, ווען מיר ווילען בעגרייפען גוט איין האנדלונג און פערשטעהן א כאראקטער מוזען מיר עס לעזען פון א בוך, ערשט ווען מיר לעזען דיא דראמא פערשטעהען מיר עס ריכטינ אבצושעטצען.

| | |
|---|---|
| בר כוכבא | פון א. גאלדפאדען |
| מליץ יושר אדער רבי יאזעלמאנן | ״ |
| אחשורוש | ״ |
| דיא קאקעטע דאמען | פון נ. מ. שייקעוויטש (שמר) |
| דער לעבעדינער טויטער | ״ ״ |
| המן דער צווייטער | ״ ״ |
| דיא שפאנישע אינקוויזיציאן | ״ ״ |
| רבקה אדער א פונק אידישקייט | ״ |

יעדע טהעאטער שטיק קאסט בלויז 10 ס. מיט פארטא 12 ס.

אין פארבערייטונג

פיעלע אנדערע אידישע טהעאטער שטיקע.

פערלאג פון

ב. ראבינאוויטץ,

398 גרענד סטריט, ניו יארק.

נאכדעם וויא איהר וועט דורכלעזען „אוריאל אקאסטא“ זאלט איהר קויפען און לעזען

# ברוך שפּינאזא

דאס לעבען און דיא פערפאלגונגען פון דעם גרעסטען אידישען פילאזאף, פער־וויקעלט אין אן אנציהענדען ראמאן, נאך בערטהאלד אויערבאך, פון ב. גארין.

**ברוך שפּינאזא** איז איינער פון דיא וויכטיגסטע פערזאנען אונטער אידען אָבער זעהר וועניג אידען ווייסען ווער שפּינאזא איז געוועזען, און וואס איז בעשטאנען זיין פילאזאָפיע. ווארום האָט מען איהם ארייגעלייגט אין גרויסען חרם, ווארום פארנעטטערט מען איהם יעצט און נאך און נאך אזעלכע וויכטיגע זאכען. אלע יעצטיגע גרויסע פילאָזאָפען און דיא אמאָליגע האבען זיך בענוצט און זיך זעלבסט בעריהמט געמאכט שטודירענדיג און נאכאהמענדיג שפּינאָזאס פילאָזאָפיע.

**בערטהאלד אויערבאַך** וועלכער איז בעוואוסט אלס דער גרעסטער וועלט־בעריהמטער דייטשער שריפטשטעלער און ראמאניסט און אלס איינער פון דיא בעסטע שפּינאָזאס היסטאָריקער האָט זיך מיט זיין ווערק „ברוך שפּינאזא“ בעריהמט געמאכט און עס איז אנערקענט געוואָרען אלס דאס בעסטע ווערק פון דיעזען אונאיבערטראפענעם דייטשען שריפטשטעלער.

דיעזעס ווערק אין אידיש איז אזוי מייסטערהאפט, דיא זעלטען שעהנע שילדערונגען זיינען אזוי בעצויבערענד, אז ווען איהר לעזט דיעזעס ווערק דיינקט איהר אז עס איז געשריעבען אָריגינאל אין אידיש. דאס ווערק איז זעהר אינ־טערעסאנט און אנציהענד פון אָנפאנג ביז ענדע.

**דער פּרייז פיר דאָס גאַנצע ווערק איז בלויז 20 סענט פּארטא פרײ.**

דיעזעס ווערק ענטהאלט אויך שפּינאָזאס בילד.

פערלאג פון

## ב. ראבינאוויטץ.

**398** גרענד סטריט, נ י ו  י א ר ק.

דיא נייעסטע ווערק פון טאנענבוים'ס פעדער

דאס בעסטע מייסטערווערק פון דעם גרויסען שריפטשטעלער

דיא געלונגענסטע ערצעהלונג וואָס טאַנענבוים האט געשריעבען

# חאדשי סטאווראס

## דער רויבער הויפּטמאַן

א וואהרע געשיכטע וואָס האָט פּאסירט פאָריגען יאהרהונדערט אין גריעכענלאנד און האָט געמאכט שטורמען דיא גאנצע ציוויליזירטע וועלט.

חאדשי סטאווראס אדער „דער ניט־געקרוינטער קעניג“ — וויא דער פּערפאסער רופט איהם, האט מיט זיינע מערקווירדיגע רויבערייען אויפגערייצט איינינע רעגיערונגען געגען זיך. עס האט געקאָכט איבער איהם איינינע יאהר אין גאַנץ אייראָפּא

## חאדשי סטאווראס

איז איינע פון דיא אינטערעסאנטעסטע ערצעהלונגען מייסטערהאפט געשילדערט, זעהר בעלעהרענד, און העכסט אמוזאנט.

דער פערפאססער פון דיעזעס ווערק פיהרט אייך אוועק אין א גאנץ אנדער וועל[illegible] מיט אנדערע מענשען, אנדערע טיפּען, אנדערע כאראקטערע און ער שטעלט איי[illegible] פאָר אזעלכע אינטערעסאנטע בילדער און סצענען פון וועלכע אייער נייסט ווער[illegible] רייכער אייער דיינקונגס־קראפט טיעפער און אייער פערשטאנד לאנישער.

**דאס גאנצע ווערק קאָסט בלויז 10 סענט מיט פּארטא 12 סענט.**

פערלאג פון

## ב. ראבינאוויטץ,

**398** גרענד סטריט, ניו יארק.

# לא תרצח

א ווערק איבער „וועגעטאריאניזם“ איבערזעצט פון זיין ווערק אין ענגליש ביי.

## א. ה. פריינקעל.

### וואס איז „וועגעטאריאניזם“?

„וועגעטאריאניזם“ הייסט נים עסען קיין פלייש, פיש און אלעס וואס האט
אין זיך פריהער געהאט א געפיהלפאללען לעבען.
ווארום זאל מען נים עסען קיין פלייש?
איז פיש אדער פלייש געזונד פיר דעם מענשען?
וועלכע שפייזען זיינען יא געזונד פיר דעם מענשען?
דיעזע פראגען און נאך פיעל וויכטיגע אבהאנדלונגען וועט איהר ערפאהרען
ווען איהר וועט דורך לעזען דיעזעס בעריהמטעס ווערק.

### דער ערשטער טהייל „לא תרצח“

האט געמאכט זעהר א גרויסען ערפאלג ביי אלע אידען אין דער גאנצער
וועלט, דיא נאכפראגען זיינען אזוי גרויס אז איך האב בעשלאסען יעצט
ארויסצוגעבען דעם

## צווייטען טהייל „לא תרצח“

### דער צווייטער טהייל

איז זעהר אינטערעסאנט, וויכטיג און בעלעהרענד און איך האפפע אז דער
צווייטער טהייל וועט אהנע צווייפעל מאכען דעם גרעסטען סוקסעס ביי אלע
קלאססען לעזער.

דער ערשטער טהייל „לא תרצח“ קאסט 10 סענט.
דער צווייטער טהייל „לא תרצה“ קאסט 15 סענט.

בײדע טהייל צוזאמען שיק איך פיר 25 סענט פארטא פרייא.

צו בעקומען אין אללע בוכהאנדלונגען אויך ביים פערלעגער

## ב. ראבינאוויטץ,

398 גרענד
ניו יארק.

---

דאס דריטע ווערק פון

## באקאטשיא

דיא

# צווייא פארלאך

וועט איבערראשען יעדען לעזער

### אללע געגנער פון באקאטשיא

האבען צוגעגעבען אז דאס בעסטע ווערק וואס דער גרויסער קלאססיקער האט
געשריעבען איז

### דיא צווייא פארלאך

דאס איז א ווערק וואס ענטדעקט דעם לעזער א בארג סודות פון דער מענשליכער
געזעלשאפט

### דיא צווייא פארלאך

איז בעארבייטעט אין אידיש פון דעם גרויסען שריפטשטעלער ד. מ. הערמאלין.

אללע וועלכע האבען געלעזען

### „מאדאם באפעטא“ און „פאסקארעלא“

וועלען אהנע צווייפעל קויפען און לעזען

### דיא צווייא פארלאך

באקאטשיא'ס ווערק קאסטען צו 10 סענט פער עקזעמפליאר.

פערלאג פון

## ב. ראבינאוויטץ,

398 גרענד סטריט,
ניו יארק.

שוין ערשינען פון מיין פערלאג דיא גרעסטע
אידישע אפערא

# חורבן ירושלים

און דער

# ציון מארטש

פון דעם בעריהמטען אידישען מוזיקער און קאמפאזיטאר

## ה. א. רוססאטטא

אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני. ירמיהוס קינות, הערצרייסענדע מעלאדיען. נגונים פון חורבן, טרויערליעדער נאכ'ן בית המקדש, אידישע מוזיק ביים כותל המערבי, אידישע נגונים ביי דיא טייכען פון בבל, אומעטיגע טענער וועלכע קענען דורכלעכערען דאס אידישעס הערץ „איכה ישבה", „נפלה עטרת ראשי", „אלי ציון" „שבת נחמו" און צום סוף

## א ציון מארטש

א ביסעל פרעהליכער, לעבעדיגער, מונטערער. אויפוועקענדיג אלע אידען פיר ציון און ירושלים אמת-אידיש מעלאדיש מיט פראכטפאלע בעגייסטערענדע ווערטער.

דער גרויסער קאמפאזיטאר ה. א. רוססאטטא האט זיך זעלבסט איבערטראפען.

עס איז איבריג צו ריהמען דיעזע קאמפאזיציאנען יעדער איד וועט זעלבסט פערשטעהן אז „חורבן ירושלים" און דער „ציון מארטש" פון ה. א. רוססאטא זיינען פערלען אין דער מוזיקאלישער ליטעראטור.

דיא גאנצע אפערא צוזאמען מיט'ן „ציון מארטש"

פיר געזאנג און פיאנא פרייז $1.25

דיא גאנצע אפערא פיר וויאלין 50 סענט.

פערלאג פון

**B. RABINOWITZ, 398 Grand Street, N. Y.**

**ב. ראבינאוויטץ, איז דער איינציגער פאבלישער פון אלע אידישע מוזיק פיר פיאנא און וויאלין.**

## נייע ביכער פון מיין פערלאג

| | |
|---|---|
| מאדאם באבעטא, בעארבייטעט פון ד. מ. הערמאלין.............. | 10 סענט. |
| חאדשי סטאוראס דער רויבער הויפטמאן פון א. טאנענבוים........ | „ 10 |
| דיא שווארצע חברה, פון יאהאן פאלייא........................ | „ 25 |
| דער ליטווישער קעניג פון שנארער, פון מ. זייפפערט............ | „ 25 |
| אוריאל אקאסטא, פון יאהאן פאלייא............................ | „ 10 |
| ברוך שפינאזא, פון ב. נארין................................... | „ 20 |
| דיא טאקסע, פון ש. י. אבראמאוויטץ.......................... | „ 15 |
| יונגער שיפס-קאפיטאן, פון א טאנענבוים...................... | „ 10 |
| אין ווילדען אפריקא „ „ „ .................................. | „ 10 |
| פליה מאשין „ „ „ ........................................... | „ 10 |
| דאקטאר און צויבערער „ „ „ .................................. | „ 10 |
| שווארצע קונסט „ „ „ ........................................ | „ 10 |
| א רייזע אין הימעל, פון ד. מ. הערמאלין...................... | „ 10 |
| אידישע קרבנות „ מארדאוויצעוו............................... | „ 15 |
| קאמעליענדאמע „ דומא (זוהן)................................ | „ 30 |
| נאנא, פון עמיל זאלא.......................................... | „ 35 |
| נאנאס מוטער, (דער טויט שלענער)............................ | „ 30 |
| פערניפטעטער קוס, פון עמיל זאלא............................. | „ 25 |
| פון חופה צום קבר, פון עמיל זאלא............................ | „ 10 |
| סאפהא, בעארבייטעט פון פאלייא.............................. | „ 15 |
| דיא אידישע טרילבי נאך דע מאריע, פון א. טאנענבוים.......... | „ 10 |
| תחית המתים, בעארבייטעט פון מ. זייפפערט.................... | „ 05 |
| שאילאק. פון שעקספיער......................................... | „ 15 |
| נתן דער חכם. „לעססינג"...................................... | „ 10 |
| לעבענס בעשרייבונג פון בעראן און באראנעססין דע הירש......... | „ 05 |
| דער גרויסער וויצען אלבום איללוסטרירט........................ | „ 15 |
| א שפיטצעל פון א פורים שפיעלער, פון א. מ. שארקאנסקי....... | „ 05 |
| אמעריקאנישע הגדה „ „ „ ..................................... | „ 05 |
| וויטצען פון קארט, פון א חומאריסט............................ | „ 05 |
| פסח אין שניפעשאק, פון ב. גארין.............................. | „ 05 |
| קאשינגס האנדבוך, פון א. טאנענבוים וויא צו פיהרען מיטינגען אין חברות, לאדזשען און סאסייעטים.............. | „ 25 |

איהר קענט ביי מיר בעקומען אללע אנדערע ביכער פון אנדערע פאבלישערס צו דיא בילליגסטע פרייזען

מוכרי ספרים, אגענטען און סטענדקיפער בעקומען ראבאט.

**קאנטרי ארדערס מיט א דעפאזיט ווערדען פינקטליך בעזארגט.**

אלע ארדערס צו אדרעסירען דירעקט צום פאבלישער

B. RABINOWITZ, 398 GRAND STREET, NEW YORK.

## דיא ניצליכסטע ווערק פיר אלע אידען

# דיא אידישע געשיכטע

### נאך פראפעססאר גרעטץ און אנדערע בעריהמטע היסטאריקער,

בעארבייטעט פון דעם גרויסען אידישען געלעהרטען

## פ. וויערניק.

דיעזעס הערליכעס ריעזען־ווערק ענטהאלטעט דיא גאנצע אידישע היסטאריע פון דער צייט וואס אידען האבען אנגעפאנגען צו עקסיסטירען ביז היינטיגען טאג. עס דערצעהלט אלעס וואס מיט אידען האט פאסירט אמאל און היינט. עס איז דער גרעסטער אוצר פון געשיכטליכע וויסענשאפט. דורך דיעזעס ווערק וועט דער אידישער לעזער בעקאנט ווערען מיט דיא געשיכטע פון זיין פאלק וועלכע איז אזוי רייך אין מערקווירדיגע בעגעבענהייטען.

**דיא אידישע געשיכטע** איז איין אונענדליך־גרויסער כפר זכרון וואו עס איז פערשריעבען מיט אייביגע בוכשטאבען דיא וויכטיגע פערגאנגענהייט פון דעם אידישען פאלק. קיין פאלק האט ניט אזא בעריהמטע היסטאריע וויא דאס אידישע פאלק. דער אידישער לעזער האט ביז יעצט ניט געהאט דיא מעגליכקייט צו בעקענען זיך מיט דיא גרויסע לאנג און וועלט־בעריהמטע פערזאנען פון זיין פאלק פון וועלכע ער שטאמט ארויס. וויל אזא פאלשטענדיגע אידישע היסטאריע איז נאך ביז יעצט ניט געוועזען. מאנכע האבען זאגאר געמאכט א פערזוך עס צו טהאן, אבער קיינע קען זיך ניט פערגלייכען מיט דיעזע פאלשטענדיגע אידישע געשיכטע בעארבייטעט פון דעם גרויסען אידישען געלעהרטען און היסטאריקער פ. וויערניק. דער שרייבער פון דיעזעס ריעזען ווערק האט זיך ניט נור בענוצט מיט פראפעססאר גרעטץ'ס אידישע געשיכטע אליין זאנדערן מיט פיעלע אנדערע בעריהמטע אידישע היסטאריקער פון פערשיעדענע שפראכען, און פון דיא אלע האט ער צוזאמענגעשטעלט דיעזע פאלשטענדיגע היסטאריע פון אידישען פאלק. דיעזע „אידישע געשיכטע" איז געשריעבען אין א פרייע לאנד וואו דער שרייבער דארף ניט מורא האבען אנצוגרייפען ניט זיין פיינד ער אירגענד וועלכע רעגיערונג אדער רעליגיאן וואס דאס שפיעלט דיא הויפט ראלע אין דער געשיכטע פון אידישען פאלק. דער שרייבער פון דיעזעס ווערק האט בעשריעבען דיא פאקטען וויא זיי זיינען אונגעשטערט אפען און פריי. דיעזע אידישע געשיכטע איז געשריעבען אין א לייכטע אידישע שפראכע פערשטענדליך פיר אלע קלאססען לעזער. מיר מאכען אויפמערקזאם דיא אידישע לעזער דאס אויסער דעם וואס דיעזעס ווערק איז העכסט בעלעהרענד איז עס אויך אינטערעסאנט, שפאנענד און אנציהענד. עס וועט פערשאפען דעם לעזער א וואהרען גייסטיגען פערגניגען.

### דיעזעס ווערק איז געדרוקט פון נייע שריפט, אויף גוטע פאפיר און עלעגאנט געבונדען.

## פרייז 1 דאללאר.

פערלאג פון

**ב. ראבינאוויטץ, 398 גרענד סטריט, ניו יארק.**